# גלות און גאולה

א. נ. שטענצל

לאָנדאָן 1958

פערלאַג לשון און לעבן

17 דעלעמאַר בלדיגנס, קאַלינגווד סטר. א.1.

# גלות און גאולה

## א. נ. שטענצל

לאָנדאָן 1958

פערלאַג לשון און לעבן
17 דעלעמאַר בלדיגנס, קאָלינגוווד סטר. א.1.

# אינהאלט

## ירושלים של מעלה

## של מטה

# ירושלים של מעלה

פונקט ווי זיין גאָט איז דאָס פֿאָלק — דער אנוכי־באַגרייפער,
אַ הייליקע אומענדלעכקייט פון עפר ואפר — — —
זע, ווי ס׳רינגלט זיך לעצטער גראַנגל פון נישטאָ־שוין,
הויכיק, רויכיק, רינגל־נ׳רינגל לעשט זיך אַזוי בלאָ שוין —
„מי זאת עולה מן המדבר כתימרות העשן״?*

ווי פאַר זיין גאָט וועט די ערד זיין וואָס ער גייט דערגרייכן,
דאָס פיסנבענקעלע פאַר זיינע של־מעלה־הייכן.

---

* שיר השירים ג׳ ו׳.

## משה אויפן הר נבו

פערציק טעג שוין און פערציק נעכט שוין,
זיי וואַרטן אלץ אויף אים און שטייען גרייט;
ס'איז די מחנה אונטערן נבו באַרג,
א שאַרפע שווערד צוקנדיק אין א שייד.

ווי דעמלט דאס גאלד אין אהרנ'ס האנט,
אין פלאַם צו וואַרפן אַ גאָט זאָל אַרויס —
און דאס פאלק אין יהושוע'ס איצט — —
אין שלאכט ר'זאל זיי וואַרפן, וואַרטן זיי בלויז.

אין דער ערשטער ריי יעדער א לייב,
אין דער לעצטער — אַ לויערנדיקע שלאַנג!
און עס קלינגט, גאַר אנדערש ווי דעמלט,
ביז צו אים אַרויף זייער פרייד געזאַנג.

פערציק טעג, פערציק נעכט איז געננוג
לוחות אויסצוהאַקן פון הארטסטן שטיין,
פערציק יאר אבער פאר א געזאַנג,
ווען א פאלק אין אייגענעם לאַנד נעמט גיין.

אקסל ביי אקסל, געהויבענע קעפּ —
פנים אל פנים זיי שטייען מיט גאט!
ס'ציטערט די ערד, א וואַרטנדיקע,
דערהערן שוין דעם הילך פון זייער טראַט.

און ער אויבן אויפן פעלזיקן באַרג,
מיט קאָפּ צוגעפאַלן צום קאַלטן שטיין,
עס קלאַפּט אין זיינע הייסע שלייפן,
אותיות עס האַקט ווער אין זיי אריין.

שוואך זייבען זיינע הענט, געבראכן,
קיין מאכט מער אין זיי פאר האמער און דלאט,
שארפן זיינע לעפצן איצט ווערטער,
נישט צום פאלק אראפ, נאר ארויף צו גאט —

געפאלן פון האנט אים זיין שטעקן,
וועט ער שפאלטן דעם הימל מיט זיין פויסט!
די שלאנג אליין וועט ער ווערן איצט —
לעצטער פון מתנה הינטן וואס אויפברויזט:

„ווער וועט פאלן אויף קני אין געבעט,
ווען איך וועל נישט מער זיין צווישן זיי?
גאט, נישט איך האב לעבן געוואלט —
באשיצן זיי פון דיין גרימיקן געשריי.

„צווישן דיר, דעם נוקם ונוטר,
און אן עם קשה עורף צו שטיין,
אזא לעבן א סך בעסער ס׳איז,
אַ פעלז צווישן וויסטע ווינטן צו זיין.

„גאט, אויב ס׳גייט דיר בלויז אין מיין לעבן,
ווי דער מינדסטער פון זיי איך שטיי איצט גרייט,
צי עס דאַרף אַרויס פון מיין געביין —
אַ בלאנק צוקנדיקע שווערד פון אַ שייד — —

„נאר געצוקט וועט זי בלייבן צו דיר!
ווארים נישט שטארבן — פאלן וועל איך איצט,
און מיט מיין טויט מיין פאלק באשיצן,
ווי איך האב עס מיט מיין לעבן באשיצט.

„גאט, זיי זיכער, דיין ווארט בלייבט אייביק,
אריינקומען אין לאנד איך בין נישט ווערט,
אבער אן עדות כ׳בלייב דא ליגן,
קיינמאל מיין פאלק טאר נישט ווערן צעשטערט!

„ניין, נישט ווייל כ׳האב נישט געוואלט שטארבן —
כ׳האב דיין פנים נישט אנקוקן געקענט!
אז תמיד רק געראנגלט מיט דיר,
מיין פאלק צו ראטעווען פון דיינע הענט.

גאט, אויב עס אומצוברענגען דארטן,
ברענגסט דו מיין פאלק אין לאנד אריין אן מיר ?
א שלאנג ארום דיר מיך צו וויקלען,
פאל איך צום לעצטן מאל אצינד פאר דיר — — — —

„א, אז* „לולי כעס אויב אגור"
ביזט דו דאך פון מיין פאלק דער גרעסטער פיינט !
פנים אל פנים דיך צו זען באלד — —
די גרעסטע פרייד פון מיין לעבן ס׳איז היינט —

„זעקס הונדערט טויזנט שטייען גרייטע,
פאלן פארן לאנד קושנדיק די ערד,
און איך — פארן מינדסטן פון יעדן,
גאט, ווען נישט איך — זיי זיינען עס דאך ווערט —
— — — — — — — — — — — — — — — —"

ס׳האט גאנצע וועלט ארומגענומען
א גרויסע ליבשאפט פון אייביקן גליק,
דער שמייכל, וואס האט זיך באוויזן,
אויף גאטס פנים, אין יענעם אויגן בליק.

אין אן ערשטן קוש, אין א לעצטן,
הערצער באהאפטענע שטיל בלייבן שטיין —
געשטאמל פון אומענדלעכער פרייד,
איינער אינם אַנדערן אויפצוגיין :

„דו קאנסט זיך ראטעווען אינם טויט,
אבער איך, מיט מיין אין־סופיקן זיין ?
אין גרעסטן שונא כ׳מוז זיין פארשטעלט,
אז קאנען בלייבן זאל די וועלט באשטיין.

„ווי דו פאר דיין פאלק און פאר דיין לאנד,
ציטער איך איבער מענטש און איבער וועלט — —
א, די בענקשאפט צו קענען אמאל
קוקן א מענטש אין פנים, נישט פארשטעלט —
— — — — — — — — — — — — — — — —"

און מיט יעדן באגין אויף בארג נבו,
ווען א בלאנקע שווערד דער פעלדז דארט צעבליצט,
פאלט גאטס בליק א פארשעמטער אויף אים :
„נישט בלויז דיין פאָלק, משה — מיך האָסטו באַשיצט — — — —"

---

* האזינו. לב, כז.

## צו דער יידישער מלוכה־פאָן

(ווען מ'האָט זי אויפגעצויגן פאַרן ישראל־אַמבאַסאַדאָר־הויז אין לאָנדאָן)

פאַרוואָס האָט דען זעקס שפּיצן דער מגן־דוד ?
ער זאָל אונז אין די זעקס מיליאָן דערמאָנען !
נאָר מיט זייערע נשמות אין די פאַלטן,
וועט אַ יידישע מלוכה־פאָן פלאַטערן קאָנען.

זייער ריינקייט זייער אומשולד צו דערמאָנען
דערפאַר טליתדיק בלוי־ווייס אירע פאַרבן !
אַז פאַר איין מת אַ זעקל ארץ־ישראל ערד,
וויפיל אַז זעקס מיליאָן אויף קידוש השם שטאַרבן ?

און ווי געוואַלטיק און ווי גאַנץ מוז זיין דאָס לאַנד,
אַזאַ צעבראָכן פאָלק צוזאַמצוהאַלטן !
און ווי הייליק ווי ריין מוז אַזאַ פאָן זיין,
וואָס נשמות טוליען זיך צווישן אירע פאַלטן.

פלאַטערן אַ שטילע תפילה וועט אונזער פאָן,
פון שעפּטשענדיקע ליפּן פון אַ מאַמען,
קינדער אונטערן „מלאך־הגואל"־טלית,
וועלן מיר אונטער איר שטיין אַלע צוזאַמען.

## יום העצמאות

צווישן שבעים אומות מיר זיינען לעבן געבליבן,
וועט זיך דאָך די ישראל־מלוכה אויף נסים האַלטן !
פון האַרטן פעלז־שטיין וואַסער ציען און מן פון הימל,
ביזשט צום טויט — צום לעבן אַטאָמען מען וועט שפּאַלטן —

אין פערד־קראַפט אין מיליאָנען און אין וואָלטן מיליאַרדן,
איינשפּאַנען דעם לעבעדיק־אָטעמדיקן ירדן.

אַ שלאַנג אַז מען צעשניידט זי, יעדעס שטיק הייבט אָן לעבן,
וויפיל טיילן, אַזוי פיל צונגען גיפטיק שפּייען — —
פון זיינע טויזנט גרעניצן עס וועט זיך דער ירדן
אַ גאַנצער, אַ צעזונגענער מיט כּוח באַפרייען!

די פעלקער אַרום אים, די הונגעריקע שכנים,
צום טאַקט, ברודער געזעטיקטע, טאַנצן אינאיינעם.

און עס וועלן אָנקומען אַלע אומות־העולם,
מיט ימים און מיט טייכן געצויגן צום ירדן,
פריידיק אויפצוגיין אויף גאָטס באַרג קיין ירושלים,
צו זען ווי זייערע אשכנזים און ספרדן,

האָבן געגרונטפעסטיקט דעם מלכות השמים
אויף דער ערד, מיט לויטערן האַרץ און „נקי כפּים".

## ה׳ אייר

שווערער ווי דער טאָג ווען די וועלט באַשאַפן,
יעדער טאָג ווען אַ יידיש לאַנד שאַפט זיך און ווערט;
אַ קונץ איז אויסצוקנעטן פון ערד אַ מענטש?
אָבער פון יידן אַן אייגן שטיקעלע ערד — —

גרויס איז דער טאָג ווען אינם נצח פון צער
אַ יום־טוב טאָג פול פרייד קריצט זיך אין אים אַריין:
ה׳ אייר ווען אומעטום, פאַר אַלע יידן,
אַן אייביקער יום־טוב ער זאָל בלייבן און זיין.

## דאס גאלדענע ציגעלע
(צו מיין עולה־רגל זיין 1950)

נישט איך פיר אַ שעפּסעלע מיט זיך מיט,
נישט אַ געשארפט מעסער אין דער וואָל באהאלטן,
און נישט פילן כ׳וועל אויף מיר יענעם בליק,
אַרויסקוקנדיק פון די כותל שפּאלטן.

דאָס גאָלדענע ציגעלע כ׳פיר מיט מיר,
אַ צאַפּלדיקס אונטער דער פּאַכווע באהאלטן,
און יעדע רגע אין הארצן איך שפּיר,
פון געשליפענעם מעסער הֶעם שפּיץ דעם קאלטן.

יאָ, איך ווייס עס זיכער, פּונקט ווי דעם טויט,
איינער פון אונז ביידע וועט עס נישט אויסהאַלטן!
טיף אין מיין האַרץ פלאַטערט גאָלדענע פּאווע,
ציט הויך איבער הימל געהיימע צייכן־געשטאלטן — — — —

נישט איך פיר אַ שעפּסעלע מיט זיך מיט,
נישט אַ געשארפט מעסער אין דער וואָל באהאלטן,
אָבער ס׳בריוועלע פון דער פּאַווע מויל
וועט פאלן אין אַ שפּאלט פון די כותל־שפּאלטן.

און יענע ווינקלדיקע בליקן וועלן לייענען,
נישט קיין ווערטער — אויפפלאַטערדיקע געוואַלטן!
און באגיסן דאָס בריוועלע מיט טרערן:
אַזאַ שוואַכינקס און אזוי קענען אויסהאלטן —

## אויפן וואונדער דיוואן...

שטיקלעך מוסטער־פּראָבקעס פון אַ רייזענדער,
אין געשטאָפּטן פאָרטפעל אָן שום נוצלעכן ווערט,
דאָס זיינען דאָך אונז׳רע ווייטשעפּל געסלעך,
פון די שטעטלעך וואָס האָבן אַמאָל אונז געהערט.

איז וואַסער ווערט האָבן נאָך מוסטער־שטיקלעך,
אַז די מאַטעריעס זיינען מער שוין נישט פאַראַן ?
אַ חוץ אויף די יאַרידן זיי צו שליידערן,
מען זאָל צוזאַמשטיקעווען פון זיי אַ דיוואַן . . .

קאָן דאָס ווערן אַ וואונדער פון אַ קונסט־ווערק,
פון אַ מאַדים אַ לאַטוטניק — אַ מייסטערשטיק
קעסטעלע אין קעסטעלע קונציק איינגעפּאַסט,
פון די הייליקע שטעטלעך — אַ מאָזאַאיק.

צו די פיס פון ירושלים אים צו לייגן,
נעם איך אַ פאַרטיקן דעם דיוואַן מיט זיך מיט :
ווי וואונדערלעך, „על כנפי נשרים״ — —
אַז גאָט אַליין זאָל טרעטן אויף אים זיינע טריט —

— — — — — — — — — — — — — — — —

## העט העט ביז ירושלים

ס׳איז דער גאון ביז קעניגסבערג דערפאָרן,
אַהיימגעצויגן אים אין גמרא דער קנייטש !
און דער בעל־שם הקדוש ביז סטאַמבול אזש,
אויף אַ פוקס געטריבן פון חומש־טייטש ;
און אציגד העט העט ביז ירושלים,
מיט טביה׳ס יידישלעכן קנאַל פון דער בייטש.

די פערד טרייבט אָן, — פערד ? אָדלערס, פליענדיקע ! —
טביה׳ס אַ טאָכטער ווי אַ צימעס אַ מויד !
פאַר מיר איז גענוג ארויפכאַפּן זיך
אויף פישקע דעם קרומענס וואַקלדיקע בויד ;
אויף פרצ׳ס „רייזע־בילדער״־מרכבה — הוד־שבהוד,
אַ דאַווענדיקער ייד אין הבקותדיק געהויד.

## דוד מלך ישראל חי וקים

עס קלאַפּט אין הארץ מיר, עס קלאַפּן די שלייפן,
כ׳הער עס אַזוי דייטלעך און קאָנס נישט באַגרייפן,
י—רו—ש—ל—י—ים, י—רו—ש—ל—י—ם !
עס קלאַפּן די רעדער, ווי לויפנדיק, איילִיק,
און אין מיין פוילישן יידיש גראַמט זיך הייליק :
דוד מלך ישראל חי וקים — — — — — — —

אַרומגענומען פון פאַרהוילענע שרעקן,
אינמיטן זיסן חלום נישט אויפצוּוועקן,
מיט האַנט שווער אויף האַרץ אויפצושרייען —
אין מיינע טריט שוין דאָס וואַקלדיקע טרעטן,
מיט ציטער אין די קני צו פאַלן און בעטן:
י—רו—ש—ל—ים, י—רו—ש—ל—ים...

## צום הר-מוריה, צום אבן שתיה

פון אבן שתיה פון הר מוריה,
ווי דער וואָגלדיקער גלות אַזוי לאַנג,
איבער דער גאָרער וועלט עס ציט זיך דער גאַנג.

די „אניה־סוערה"־טרער — אין וויע,
שווימט ווילד צעכוואַליעט צווישן ימים מיט בלוט,
ווי דער זאַמד ביים ברעג — די קדושים ווו גערוט.

ווי קריעה־בלוע, און מיט שה"י, פּה"י,
פונם ערשטן פאַרוואונדיקטן בלוטיקן טראַט,
און יעדער שליאַד און מינדסטער שפּור פירט צו גאָט.

צו פרישער „תחיה" פון שייטערס און פון תליה,
אַנגענומען פון אַ מלאך פאַר דער האַנט,
קומען קדושים צוריק אין הייליקן לאַנד —

זע, שטעטל־יציאה, תל־אביב־עיריה,
דעם מהלך מיט שכל משיג צו זיין —
כביכול, שוין צו פאַרשטיין גאָט אַליין —

— — — — — — — — — — — — — — — —

צום הר־מוריה, צום אבן־שתיה,
אויף דעם לאַנגען „הזורעים בדמעה"־גאַנג,
וויגט זיך מיט געזאַנג, אויפגעגאַנגענע זאַנג.

# ירושלים

1

ווו אַהין מיר זיינען געגאַנגען,
מיר האָבן דיך מיט אונז מיטגענומען,
און היים איז געוואָרן אומעטום,
ווו אַהין מיר זיינען אָנגעקומען.

מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן —
איבער אונז איז דיין הימל געווען!
שטויב בלויז אונטער פיס ווערט די ערד,
ווען הויך אין די שטערן מען קען לעזן.

אין געוויין פון אונזערע הערצער,
ווי וווּנדערלעך ביזט דו אויפגעגאַנגען;
אין טיפסטן טרויער ביזט געוואָרן,
די פרייד פון אונזערע געזאַנגען.

געיאָמער צוקאָפּנס פון די קברים,
און געזאַנג צופוסנס פונם וויגל;
דיך אויפצובויען, אונזער לעבן,
דאָס ליים געטראָטן פאַר דיינע ציגל.

ווי געוואַלטיק און ווי וווּנדערלעך,
דו וועסט דאָס אַזוי אויפגעבויט ווערן;
אין האַרצן דיך אַזוי טראָגנדיק,
ווען צוריק מיר וועלן ווידערקערן.

פון די ווייטסטע און וויסטסטע וועגן,
אַהיים צוריק מיר וועלן דיך ברענגען;
אונזער האַרץ — גאָלד־געשטיקטער מזרח! —
אויף הר־המוריה אויפצוהענגען.

2

ווער לייגט דען צו זיין קאָפּ צו דיין האַרץ אַציַנד,
און ווערט פאַרשטיינערט אין זיין שטיל־שווייגן,
איז ווי אַזוי קאָנסט דו אויפגעבויט ווערן,
אַז גאַנץ צום הימל אַרויף זאָלסט שטייגן?

ווייל נאָך נישט אַלע אונזערע שטעטלעך
פאַרזאַמלט צווישן דיינע מויערן,
שטייט דערפאַר די כותל־מערבי נאָך אַלץ,
אַן אלמנה געהילט אין טרויערן.

מיין שטעטעלע, ווי קליין דו ביזט געווען,
אַזוי גרויס מיין האַרץ גאַנץ אויסצופולן!
ביזט אַהערגעקומען מיט אַלע יידן,
אויף רעדעלע־פאַרנדיקע שולן — — —

פול־געפאַקטע, ברענענדיק אויפגעגאַנגען,
ווי אויף אָדלער־פליגל ווילד געטראָגן!
מיין פאַרטיליקט שטעטל, ווער האָט ווערטער,
דיך צו באַזינגען, דיך צו באַקלאָגן?

מיין ווייַנענדיקער, מיין זינגענדיקער טראָט,
ווען ירושלים ערד כ'האָב געטרעטן — —
איך גיי צום טאַטנס הויז פון מיין געליבטער,
וואָס האָט מיך צום ערשטן מאָל פאַרבעטן.

און ביי יעדן פענסטער כ'האָב מיך אָפּגעשטעלט:
אָט־אָ דאָ איז מיין וויגל געשטאַנען,
און מיין מאַמע זיצט נאָך אַלץ — — איז זי נישט
צו תחיית־המתים אויפגעשטאַנען — — —

3

ווידער־קול פון וויסטע טיפע טאָלן,
ליכטיק דערקייקלט צו שפיץ־באַרג אַרויף,
עכאָ׳ט צום העכסטן אָרט — שלשלת־וואָרט,
טונקלער סוד עפענט זיך שטראַלנדיק אויף.

מיט די פּאַלטן פון מוח פעסטצוהאַלטן,
טיף צו באַהאַלטן אין אַ שפּאַלט פון האַרץ,
פאַרוויקלט, פאַרהילט און שטיל פאַרהוילן —
אַ קינד זיך באַהאַלט אונטער מאַמעס שאַרץ.

אַ כישוף־שפּרוך, אַ פאָרמול, אַ פּאַראָל ?
ירושלים, דו ביזט דאָס געבעט —
שטילער שטאַמל אויף תּפילה־דיקער ליפּ,
ווען פּנים אל פּנים מענטש פאַר גאָט טרעט.

צירופים־ציטער אין פאַר־צער׳טן האַרץ,
אויפגעצילעוועט אויף שנירל געוויין ;
אין טיפסטן טרויער עס אויסגעביוערט,
גאָט אַליין נאָר זאָל עס קאָנען פאַרשטיין —

אַ ציטער־האַרפּע וואָס באַגלייט אַ ליד,
נאָך איידער ס׳הערט זיך דאָס וואָרט פון געזאַנג,
אַזוי ציען זיך די אותיות לאַנג,
גלייך שאַריען שלייערס פאַר זון־אויפגאַנג —

י־ר־ו־ש־ל־י־ם, שטראַלן־שפּיראַלן
מיט דיין יעדן אות וויקלסט דיך אַרויס,
אין אונזערע הערצער צונויפגעשטעלט,
אַ וואָרט ווי די גאַנצע וועלט אַזוי גרויס.

## על רגל אחת... (פסח 1950)

1

אז יעדע זאך פארגיסט דאָס אויג מיט אַ טרער,
און ארום אלצדינג דער פלאטער נאָך פון גאָט,
טאָ ווי אזוי בילד־פארגלייך און מינדסט געשטאלט ?
דערפילט כ׳האָב דאָ די הווילקייט פון מיין הארץ —
אזוי לויטער יעדער הויך, אָטעם פאַרכאַפּנדיק.

פארגליווערטע בת־קולות שטייען ארום די בערג !
אין מיין וואָרט, קוים פאלנדיק פון מיין ליפּ,
דעם פאלטשן קלאנג שוין כ׳דערהער —
יעדער שטיין צו מיין פוס איז אַ פּרוווושטיין !
אָ, אין אַ שפּאַלט דאָ פארוואלגערן און נישט זיין מער — — —

2

ליגן געבליבן פארשטיינערטע פאר שרעק,
זיינען די שעפסן־סטאַדעס מיט זייערע פאסטוכער,
ווען געטריבן מ׳האָט די יידן פון ירושלים ;
די אַרויסשטארטשנדיקע פאלמעס דאָ און דאָרט,
די פאסטוך־שטעקנס זייערע, די הויכע.

און דער הויך, אויפגעהויבענער כאמסין־זאמד —
דער בין השמשות־שטויב פון אונטער זייערע פיס,
אַ הענגען געבליבענער אין דער לופט.
נאָך האלבער נאכט נאָר וועקן זיך די פאסטוך־הינט,
שאַקאַליש אזוי, יאָמערלעך אויסטערליש.

3

אַקייגנגעגאנגען כ׳בין די זון יעדן אין דער פרי
ווען זי איז אויפגעגאנגען איבער ירושלים ;
גאנצע שעה׳ן האָט עס געגומען,
ביז זי האָט אויסגעטריקנט די טרערן אויף מיין פנים ;
אלע קלויסטער־גלעק זיינען געגאנגען איבער מיין לייב.

מעסער־קלינגען בלאַנקן קלויסטער־קרייצן אין זון!
איך האָב געהערט דעם ריס פון הימל איבער ירושלים,
ווי זיידנצייג וואָס ווערט קריעה געריסן — — —
אַ פּאַרקאָפּטשעטער „שויתי" פּאַרן עמוד אינדערהיים,
הענגט די כותל מערבי פאַר מאה־שערים.

4

דאָ אין די בערג האָט אַ קעניג געטראָגן זיין קרוין,
אַ יינגער הערש טראָגט זיינע הערנער,
און אין זיין געטוליע צו גאָט זיי אַראָפּגעשליידערט,
ווי אַ יונגער הערש שליידערט זיינע אַראָפּ,
אין גלוסטעניש־געראַנגל פאַר דער הערשעכע.

און אַ ווילד־צעברילטער לייב איז ער געוואָרן, —
פאַרווונדיקט פון פאַנג געשטעלט זיך אים אין קעל!
ווען זיין געבראָכענער ווילן האָט זיך צעברילט.
ווי אַ „כלב־החי" האָב איך געבלאָנקעט דאָ אין די בערג,
אַ ווידער־קול כאָטש פון יענעם געשריי צו פאַרנעמען.

5

אַ מחנה געקומענע קיין ירושלים,
דאָס קרבן פסח אָפּצוריכטן,
זיצן זיי צוזאַמענגעקוועטשט און ענג,
און ווי פון פריש געבראָטענעם,
רויכערט פון זייערע מיילער אַ ניגון.

שטיינער אַרויסגעריסענע פון כותל
אַזוי זעען אויס זייערע פּנימער,
און זייערע אויגן קוקן אַרויס פון די שפּאַלטן;
לעצטע מטבעות אין מאיר בעל נס,
אַזוי הייזעריק איז צעקלונגען זייער יאָמער.

6

איז אַ וווּנדער אַז דער הימל איז אַזוי קלאָר,
און יעדער שטערן אַזוי גלאַנציק געפּוצט,
אַז גאַנצע טעג פּאַכן די פלאַמען איבער די הימלען,
דאָס מינדסטע וואָלקנדל צו פאַרוישן,
און די כאַמסינען שייערן די שטערן.

איך האָב די פּסחדיקע לבנה געזען אין ירושלים,
קיין איין פלעקעלע איז אויף איר נישט געווען,
און אַזוי פינקטלעך אלצדינג אויסגעשטעלט,
ווי אויף מיין טאַטנס געשייערטע סדר־שיסל,
פּסח אויף דער נאַכט צום סדר.

7

ווי די זעכציק גבורים פון ליינקס,
און די זעכציק גבורים פון רעכטס,
אַזוי שטייען די ציפּרעסן אין דער זון,
אונטער זייערע מאַנטלען באַהאַלטן,
טראָגן זיי זייערע בלאַנקע שווערדן.

און ווי איבער שלמה המלך׳ס הימל־בעט,
אין דער נאַכט פון זיין חתונה
הענגט פולע לבנה אַ גאָלדענער דיאַדעם — —
אין זייער זילבער־גערויש האָב איך שטיל געטרעטן
און געהערט דאָס געקלאַנג פון די שווערדן.

8

פון אַ שויתי אַראָפּ צוויי וויליטשקענע וואַקלדיקע טויבן,
פונם שיר־השירים אַרויס, וואָרקנדיקע,
פון דער כותל אהער אריבערגעפלויגן,
איך גיי זיי נאָך טריט ביי טריט,
וואַקלדיק און ווינקלדיק פון ליקל צו ליקל.

און ווי זיי איינע די אַנדערע אַנטקייגן,
טאַנצט מיין הארץ אַ וואָרקנדיקס:
אַזויפיל אויפגעשטעלטע חורבות אַרום,
אפשר וועט עס מיך פאַר אַ בנין אַ נייעם דערפירן,
דאָס געלאַך פון דער שכינה דאָרט אַרויסצוהערן.

9

אַ ריזן געץ פון אַ פעלדז אויסצוהאַקן,
אָדער אַ שטיינדל אויסזוכן און געפינען,
עס שפּיציק צו שלייפן און שליידערן,
צי אַ מזבח צומאָל פון איין שטיין אויפגעשטעלט — —
זינדיק פאַרשטייניקט ס׳וועט אלץ בלייבן די שטאָט !

ביז פון אלע שטיינער בנינים וועלן ווערן,
און ווו פעלזן איצט מרה שחורהדיק שווייגן,
וועלן ציפּרעסן פריידיקע רוישן.
געוואַלטיק גרויס און וואונדערלעך ווערן ס'זאָל די שטאָט,
דערצו דאָך אַזויפיל געשטיין אויסגעטראָגן די בערג דאָ!

10

טאָ ווו אַהין אויב נישט צום גיהנום טאָל,
צום ציפּרעסן־בלוילעכן טונקל רויכיקן,
אַז צום כותל מיך נישט צופירן געקענט? אורי צבי,
דיין רויטער קאָפּ האָט געפלאַמט אין דער פינסטערניש,
האָב איך אים מיט מיין טונקלען טליענדיקן פארשטעלט.

די יאָגנדיקע שאָטנס אויף דער אלטער מויער — —
די בייז־אויפבליצנדיקע פלינקע פייערלעך — —
אַצינד ווייס איך געננוי, פארוואָס דער גיהנום
האָט געמאכט אויפציטערן אונזערע הערצער אַזוי,
נאָך אין אונדזער קינדהייט אינדערהיים.

11

ווייל אזויפיל נביאים פארשטייניקט,
דערפאר די בערג שטיינער דאָ, די געוואַלטיקע,
אָדער ווייל „והבר אדוני מירושלים“,
מוז אזויפיל געשטיין דערפאר דאָ זיין,
גאָט'ס וואָרט דעראויף אויסצוקריצן?

ס'פארשטיינט מיין הארץ מיט אזויפיל פארשטיין:
אַזוילאַנג וועט שטאָט דאָ בלייבן פארשטייניקט,
ביז יעדער איינער פון אונז פארשטיין וועט:
נישט אַז נאָך איין פאָלק צווישן די פעלקער,
אַז איין גאָט נאָר איבער דער וועלט ס'איז פאראן — — —

12

אויב ס'איז דער ערד־קיילעך דאָס זיך דרייענדיקע ראָד,
שאַרפע שווערדן דערין אויסצושאַרפן,
איז יעדער פעלדז דאָ פאר קאָסע, שלייפשטיין, אויסגעגלעטער,
יאָ, זיי האָבן דאָך געמוזט נעמען די שווערדן אין די הענט,
כדי די קאָסעס פון זיי אויסשלייפן צו קענען.

געקומען פון אַלע פיר ווינטן, מיט בלוטיקע וווּנדן־הענט,
מיט זיבטן שווייס פאַרשטייניקטע אקערס צו באַפייכטן,
אפנים, אז צו ווינציק די טרערן צומאָל,
אַז אויך זייער בלוט זיי האָבן אויסגיסן געמוזט — —
אָ, ווי דעם מענטש׳ס איז דאָס הארץ פון דער ערד פאַרשטיינערט.

13

עס וועלן נאָך אויפשטיין נביאים אין ישראל —
איך האָב געזען אזויפיל פאַרביטערטע פרויען,
די ליפן זייערע האָבן זיך שטיל באַוועגט,
און דאָס געשעפטשע פון זייערע ווערטער,
מיט יעדן טראָט אויף דער ערד דאָ, דערהערט.

עס וועלן נאָך אויפשטיין נביאים אין ישראל
דאָס מעשהלע פון אייניאייניציקן שעפּסעלע צו דערציילן —
עס מוז דער רייכער האָבן אלע סטאַדעס,
און דער כהן לעצטן ביסן רייסן פון טאָפּ,
אָבער דאָס אייניאייניציקע שעפּסעלע בלייבן וועט אייביק.

14

ששים ריבוא, זעקס מאָל הונדערט טויזנט,
זיינען מיר פון מצרים אַרויסגעגאַנגען,
און וויפיל ערב־רב צווישן זיי ;
פון גלות־אייראָפּע זעקס מיליאָנען,
און אַלע זיינען קדושים געווען.

ווי גרויס אונזער לאַנד געווען און וועט זיין,
אַלץ גרעסער דער ירושלים של מעלה,
אַזוי הויך, אַזוי טיף ווי אַלע זיבן הימלען ;
פון אונזער ערד־קיילעך אויפגיין צוקענען,
פלאַמיק־פאַרטיפט, ווונדערלעך־וואַנדלדיק.

# אין די גאסן פון ירושלים

„וקול התור נשמע בארצנו“

## 1. ווי ווייט איז דען פון הר־ציון ביז צום הר־הצופים

ווי ווייט איז דען פון הר־ציון ביז צום הר־הצופים —
אַ פלאָטער־שפּרייז פון פאַרליבטע צוויי טורטל־טויבן ;
זוניקע קרייזן אָן אויפהער אַהין און אַהער — — —
כ׳האָב מיינע אייגענע אויגן קוים געקאָנט גלויבן.

אויף די זון באַגאָסענע זינגענדיקע גאַסן
כ׳האָב געזען דעם ליבע־טאַנץ פון צוויי טורטל־טויבן,
געהערט זייער געוואָרקע און עס פאַרשטאַנען,
מיטצוטאַנצן מיט זיי מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן.

בין איך זיי נאָכגעגאַנגען אויף שטילע שפּיץ־פינגער,
די טאַנצנדיקע פאַרליבטע צוויי טורטל־טויבן,
אויף דער צווייטער זייט צוריק זיי זיינען אַריבער,
מיין פאַרטרערטן בליק צום הימל כ׳האָב אויפגעהויבן.

## 2. רינגל איך גאנצע טעג ארום די שטאט ירושלים

רינגל איך גאַנצע טעג אַרום די שטאָט ירושלים,
און אין די נעכט, פולע מיט לבנה און שטערן,
אויף די דעכער איך קריך, אויף די בערג די העכסטע איך קלעטער,
פון דער כותל מערבי כאָטש אַ ווינקל־שטיין צו דערבליקן,
אַ געבראָכענעם שטראַל כאָטש — אין מיינע טרערן.

איידער זון גייט אויף, דער הימל איבער ירושלים —
אַ טויב אַ צעפלאַטערטע, אַלץ העכער און העכער !
אויף די ווייסע פליגל אַ שטויבעלע איך האָב געזען,
אַ ליכטיקס, אַ דורכזיכטיקס, אַן אויפגעהויבן שטויבעלע,
פון דער כותל׳ס קרישלדיקע חורבה־לעכער.

## 3. אין ירושלים די אויפגייענדיקע זון

אין די הענט פון דער געליבטער מ׳לייגט אַריין דאָס פּנים,
און עס בלייבט איבער אין זיי אַ פאַרגאָסענע טרער,
אין דער וואַרעמקייט, ביז אין האַרץ אַריין די דערפילטע,
און אין דער טרער קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן שוין מער,

אַזוי האָב איך דערפילט די וואַרעמקייט אויף מיין פּנים,
פון ירושלים־טוי די אויפגייענדיקע זון — — —
נאָך טראָג איך זי אין האַרצן טיף באַהאַלטן,
און פון יענע טרער מיין פּנים איז נאָך נאַס דערפון.

## 4. אין דער הייל פונם אש פון די קדושים

אויב די מלכים, דוד און שלמה,
זיינען צו קבורה דאָ געקומען ?
מיט קעניגלעכער מלכותדיקייט
ווערט ס׳האַרץ וואַרעם אַרומגענומען ;
עס ליגן דאָ באַהאַלטן די רעשטלעך,
פון אַ פאָלק וואָס איז אומגעקומען.

נישט ווייל בידריק דער איינגאַנג אין דער הייל,
איז דער קאָפּ טיף אַראָפּגעבויגן —
דער יראת הכבוד, די שטילקייט דאָ,
האָניק־שטראַלן טריפן די אויגן !
אַלץ קלענער און קלענער מען ווערט ביי זיך,
אַ שמעלצנדיק וואַקס־ליכט איינגעבויגן — —

## 5. כוס של אליהו (באַלאַדע)

אין דער אַלטער שטאָט ביי דער כותל־מערבי
בלייבט אליהו הנביא טרויעריק שטיין :
אַז וואָסער צוועק ווייטער נאָך צו וואַנדערן,
אין אַזאַ פינסטער חושך׳ע וועלט אַריין
צי גלויבט דען ווער נאָך, — צומאָל נישט די קינדער ! —
אַז צו טרינקן פונם כוס איך קום צו גיין.

לייגט ער זיין קאָפּ אויף דער כותל־מערבי,
ס׳ציטערט די וואַנט פון זיין שלאָכצענדיק געוויין,
יעטווידער שטיין איז אַ בעכער אַן אָנגעפילטער
מיט הייסע טרערן זידיק איבערצוגיין,
און ער בלייבט ליגן אויף דער כותל־מערבי
אַ וויינענדיק קינד וואָס שלאָפט ביים סדר איין — — — —

און זע, איז עס דער הימל, איז עס מאה־שערים:
הונדערט טויערן עפענען זיך פון אַליין!
און ווי פון אַ ברומענדיק פאַרוואונדיקטן לייב
אַ שטימע פון צווישן קריצנדיקע ציין:
„שפוך חמתך — —“
ער אַליין, ווי כוס של אליהו,
מיט זיינע ליפן באַרירט ער יעדן שטיין —

## מאה־שערים

אויפן וועג צו דער כותל־מערבי
טאַפּט זיך אַ בלינדער צווישן הונדערט טויערן,
צו יעדן פאַרבייגייער שטרעקט זיך זיין האַנט,
די אויסגערונענע טראַכאָם־אויגן
טריפן באַטריבט מיט אַזויפיל באַדויערן:

„ביי אַ וואַנט ס׳דערטאַפּט זיך נאָך אַ בלינדער,
אָבער טרויער ביי טויער, טייטל ביי קלייטל — —“
און אַ טויט־מידער בלייבט ער אַזוי שטיין,
בלינד אין לאַבירינט פון הונדערט טויערן,
טאַפּנדיק זייןליידיק געלעכערטן בייטל.

מאה־שערים אין מערב־וואַנט!
אָבער דורך וועלכן טויער וועט משיח קומען?
מיט קאָפּ קאָן מען אַ וואַנט אַדורכברעכן
בלויז אַ האַרץ בלינד־אויפגעפּראַלט פון ליבשאַפט — — —
„בעגלה ובזמן קרוב ונאמר אמן“.

## ירושלים

זיבן טויערן האָט די שטאָט ירושלים,
אָבער דורך אַן אַכטן וועט משיח ערשט קומען;
אַן אויפגעבראָכענער ר׳וועט מוז צוערשט זיין,
ירושלים זאָל ווערן איינגענומען.

זיבן בערג רינגלען אַרום ירושלים,
און דער הר־המוריה שטייט פונקט אינמיטן,
אָבער ערשט אויף אים וועט משיח זיך אָפשטעלן,
ווען אין שטאָט אַריין ער וועט קומען געריטן.

זיבן טייכן פירן קיין ירושלים,
דער אַכטער — אונזער פאַרגאָסן בלוט און טרערן!
ווען דעם טייך משיח וועט אַריבערשפרייזן,
דעמלט ערשט וועט גאַנצע וועלט אויסגעלייזט ווערן.

## צוויי סאנעטן

1

אַז „ירושלים" איז דאס הארץ פון דער וועלט,
איז עס אַ וווּנדער, אַז אזויפיל געליטן?
אויב לאנג נאך די שטאט וועט בלייבן דורכגעשניטן,
און ס׳הארץ פון דער וועלט, חלילה — איז אפגעשטעלט!

אן אדער אויפגעריסן, די הויט איז צעקרעלט,
דאס פארלוירענע בלוט מיט פרישס פלינק פארביטן;
אבער, אז איבערגעשניטן ס׳הארץ אינמיטן,
און יעדער סמן פון לעבן שוין אפגעשטעלט!

אַ רגע זיך נישט אָפצושטעלן, אן אומרו,
ס׳גייען די בלוטן צום קלאפנדיקן הארץ צו,
און לויטער גערייניקטער זיי קומען צוריק — — — —

ס׳איז די כותל — אינם הארץ יענע צווישן־וואַנט,
זיך צושליסן און צו עפענען נאָכאַנאַנד —
דער דופק־קלאַפּנדיקער אייביקער טיק־טיק.

2

„אם אשכחך ירושלים“

ווי גרויס קאָן דאָס שוין זיין א מחשבה אַזאַ,
מיט מענטשלעכע חושים מען קען זי משיג זיין ?
ווי טיף שוין אַ געפיל, אז מען קען עס פאַרשטיין ?
אַ אומזער צעטומלטער געשריי „שדי קרע“ :

אויף ליפּן פאַרביסענע, מיליאָנען, דעם „שמע“,
מיט אויפגעריסענע אויגן אין טויט צוגיין !
און דאָס פאַרשכורטע צעהוליעטע געוויין
ווילד אויפצויובלען דעם „נאַשטיך־הורא“.

אַ, פון וועלט, פון גאַנצער דאָס הארץ איינצושטילן,
אַזאַ לויטערע פרייד צו קענען דערפילן,
אַזאַ לייד, אַזאַ ליבע ווי וועלט אַזוי גרויס — — — — — — — — — — — — — —

עס קלאַפּט מיין הארץ אין מיר ווי אונטער א פאַנצער !
אלצדינג אַזוי קלאָר ווערט מיר אין וועלט, אין גאַנצער,
דאָס וואָרט ירושלים בלויז כ׳רעד נאָר אַרויס — — —

## בית-לחם

עס לעשן זיך די שטערן איבער בית־לחם,
ס׳קומען קיין מלכים מיט מתנות נישט מער,
און וווּ מאַמע רחל צו קבורה געקומען,
אויף פאַרטריקנטן אַקער פאַלט נישט מער קיין טרער.

אומרואיק מעקן די בהמות אין שטאַל,
אין די קאָריטעס איז קיין אָבראָק נישט פאַראַן,
גנבט זיך אַן אייזעלע פון דער שטאָט אַרויס :
ס׳וועט דאָך נאָך פאַרהונגערן צו וואַרטן, ביז וואַן — —

נאָר ווען מיט די אויפגעשטעלטע אויערן ס׳כאַפּט אויף,
פון ירושלים די שווערע קלויסטער גלעק,
צעוויינט עס זיך ווי אַ ווילד וואָיענדיקע וויוגע,
פאַרשווינדט ווי אַ ווינד ערגעץ־ווו אין אַלדיהעק —

---

## אויפן הר-ציון ת.ש.י.

(אין יאָרצייט טאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד)

ווי חיות אין וואַלד די העלדזער אונז געשניטן,
און נאָך דער שחיטה מיט ערד דאָס בלוט פאַרשיטן,
„ארץ אל תכסי דמם — —“

דערפאַר שטייט „ארץ“, נישט אדמה געשריבן:
צומאָל ס׳גאַנצע פאָלק אין לאַנד צוריקפאַרקליבן —
„ארץ אל תכסי דמם!“

מיט מיין יעדן שריט אויף דער ערד דאָ געטרעטן,
האָבן מיינע ליפּן שעפּטשענדיק געבעטן:
„ארץ אל תכסי דמם“ — — —

צוגעפאַלן צו איר מיט פרייד און מיט טרערן,
די רייד פון מיינע ליפּן נאָענט ז׳זאָל דערהערן:
„ארץ אל תכסי דמם“ —

און ווען צום הימל די אויגן אויפגעהויבן,
אַ בליק ווי מאָנענדיק קלאָר, ווי בלוי פול גלויבן.
„ארץ אל תכסי דמם“.

## „שפוך חמתך“

אויפן באַרג ציון, אויבן אויף דער מויער,
גאַנצע נאַכט גייט אַ זעלנער אַהין און צוריק;
פולע לבנה, נאָר אין זיין פינסטערן בליק
טליעט־אויף אַזאַ ברענענדיקער טרויער.

נישט הגדה־נגונים הערט זיין אויער!
אונטן ביים כותל, אין אַ באַהאַלטענעם ליק
ברומט ווער דאָרטן מיט אַזאַ חצותדיק געשטיק —
אַ מרה־שחוריק שטיק פון תיקון־זוהר.

ליל שמורים, דער הימל אַזוי לויטער,
נאָר פּאַר זיין פוס וואַלגערט זיך אַ טויטער,
זיין חבר געפאַלן אינם סיני־שלאַכט.

און זיין האַרץ פונם צער צעריסן שי״ר,
פראַלט אויף ווי צו „שפוך חמתך״ אַ טיר — — —
מיט ביקס אין האַנט ווײנט אַ זעלנער אין דער נאַכט.

## „...הרים סביב לה״

אז מיט אונזערע פענדלעך פאַפירענע
דעם גאַנצן ערד־קײלעך ארומגערינגלט,
און מיט קלײניגקע שמחת־תורה־ליכטלעך
הימלען געצונדן און ארומגעצינגלט,

וועט דאך איבער אונזער לענדעלע קלײנעם,
(אַ, ווי צעפּיצלט ס׳איז, ווי צעשטיקלט!)
הענגען בלײבן אַ ליכטיק צעפלאַטערטע,
אונזער פאָן אצינד, געוואַלטיק צעוויקלט — — —

ס׳גײען די בערג ארום ירושלים,
ווי הקפות ארום א שול־בעלעמער,
און גאָט אלײן אויפן העכסטן שטײט און שרײט:
צאן קדושים! מײנע הײליקע לעמער!!

שכורלעך־פארשווינגן, האלב־אויסגעניכטערט,
פון פיס געפאלן די טאלן שוין ליגן,
נאר די בערג, — „ההרים רקדו כאלים״! —
אײביק מיט זײער שישו־ושמחו־ניגון.

# א קרבן־פסח באלאדע

1

יעטװידער צװייטער מאַן אין ירושלים
אַן אַנגעלאָדענער רוימישער סאָלדאַט;
יעדער ייד, דעם בליק אין דר׳ערד איינגעשטאָכן,
ליינט פון ספר דניאל אַרויס — דעם „פרט״.

װער טראַכט נאָך פון כלי זיין, פון שאַרפן שװערדן,
אַז אַ מעסער טאָר מען נישט האָבן צומאָל;
אונטערן שװערן קנאַפּל פון די סאָלדאַטן,
קרעכצט ירושלים פאַרקראָכן אינם טאָל.

קלאָגן די שאַקאַלן אין די טונקעלע נעכט,
אָדער מענטשן פאַרמוטשעטע אין אַ הייל?
עס װעט נישט בלייבן פון דער שטאָט קיין זכר שוין,
װעט עס אַזוי אָנהאַלטן בלויז נאָך אַ װייל.

און אויפן הר־הבית די פעטע כהנים,
װי די סריסים זיי דרייען זיך אַרום — —
מיט די לאַנגע נעגל פון זייערע פינגער,
װערגן זיי די קרבנות װאָרקנדיק שטום —

— — — — — — — — — — — — — — —

דער טרויער װען דער חג־האביב געקומען,
און דעם קרבן פסח אַרויף מ׳האָט געברענגט!
נישט פון געבונדענעם געקוילטן שעפּסל,
ס׳אייגענע בלוט אויפן מזבח מ׳האָט געשפּרענגט.

מיט די כלים דאָס בלוט פלינק אונטערצוכאַפּן,
באַלייבטע כהנים געשטאַנען שוין גרייט,
אָבער געשאָכטן עס האָבן די סאָלדאַטן — —
געװיין באַגלייט לוים־פייקל און פלייט.

אַרום שעפּס געבראָטנס, אין שפּאָט די משפּחות,
ווי אבלים גלייך געזעסן זיינען זיי,
יוצא צו זיין, קוים א כזית געגעסן,
דעם הלל ווי קינות געמורמלט דאַביי:

„הא לחמא עניא דאכלו אבהתנא" —
קנעכט זיינען מיר געווען און געבליבן קנעכט!
אונזערע העלדזער וועט עס באַלד איבערשניידן,
דאָס מעסער וואָס אונזערע קרבנות שעכט,
— — — — — — — — — — — — — — — —

נישט קיין קשיות מער ס'האָט קיינער געטון פרעגן,
און נישט קיין תירוץ געענטפערט ס'האָט ווער,
די ביטערע קרייטעכצער נאָר איינגעטונקען,
ס'האָט יעדער אין אַ פריש געפאַלענער טרער.

2

זיינען געקומען עולי רגל פון גליל,
און ווי אַ באַראַן גלייך גייט איינער בראש;
זיינען זייערע שעפּסן אַזוי פעט און דיק,
אָדער איז עס פון רייכן וואָל דער צעפלאָש?

חוי זיי זינגען, ווי זיי קלאַפּן אין די פויקן,
און צום טאַקט מעקן די שעפּסן מיט זיי מיט;
„הרים רקדו כאלים גבעות כבני צאן",
נישט זיי גייען — טאַנצנדיק אין זייער שריט!

ביים געבראָטנס בלייבן זיצן די זקנים,
אָבער ס'יונגוואַרג לויפט אויפן באַרג מיט אַרויף;
און שוין איז צעהילעכט גאַנץ ירושלים,
מיט געזאַנג: „הודו לד' כי טוב" — — —

אַזויפיל שעפּסן, און אַזעלכע פעטע,
עס באַלעקט זיך דער כהן און דער סאָלדאַט!
אָבער איידער זיי רירן זיך צום קרבן,
מקוים איז שוין דער דניאלשער „פרט" —
— — — — — — — — — — — — — — — —

פון די וואָלן באַוואַקסענע לעמער רוקנס,
גלייך פון שיידן ציען זיך מעסערס אַרויס ;
אין איין כהרף עין, ס׳טוט זיך אַ צעבליץ —
און פון רוימישן יאָך באַפרייט ס׳איז גאָטס הויז.

נישט שעפסן — סאָלדאַטן ליגן געשאָכטענע !
ווי שאָף מעקען די כהנים מיט געברום :
אין וואָל האָבן זיי די מעסערס באַהאַלטן,
איז עס דאָך אַן עול און פסול ווי אַ מום.

האָט ווי דער באַראַן אין דער שפּיץ פון דער סטאַדע,
געשטעלט זיך דער וואָס געשטאַנען איז בראש ;
גלייך הערנער האָבן זיך זיינע לאָקן געדרייט,
און די באָרד ווייס זיך געגעבן אַ צעפלאָש :

אַז אַ קרבן באַקומט אַ מום נעמט מען אַ צווייטס,
אַז דער חצר ווערט טמא מאַכט מען אים ריין,
אָבער אַז אַ פאָלק ברעכט צוזאָם אונטערן עול,
איז טמא שוין חלילה כביכול אַליין — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָך איידער ער געענדיקט האָט זיינע רייד,
האָט דאָס גאַנצע פאָלק שוין געשריגן אמן,
צומאָל אַרום שעפּס געבראָטנס די זקנים,
הללדיק אויפגעיאָכצט אינמיטן געוויין.

# ירושלים

(אַ „ליל־שמורים״־באַלאַדע)

קען ווער דען זיי איבערציילן אויבן,
די הימל־שטערן, מיליאָנען מילאָסן,
אַזוי די ליכט פון די פענסטער אַרויס — —
די הייליקע שטילקייט איבער די גאַסן.

פון טיר צו טיר גיי איך וועמענען נאָך,
סודותדיק פאַרשווויגן כ׳זע אים פאַרשווינדן;
ביי אַ וואַנט — ביי מיין איינגעהאַלטן האַרץ,
ווי זעעוודיקע פינגער פון אַ בלינדן.

ס׳פּאַלדלט דער טלית אַ שוואַרץ־געשטרייפטער,
איבער ווייסן קיטל טונקלט דער „סדן״;
גאָס אויס, גאָס איין און אומענדלעך אַזוי,
ממש איך טרעט אין יענעמס טיפע שליאַדן.

תהומיק־טיף, ממעמקימדיק־קניענדיק,
קרום־משופּעדיק, אין־סופיקע שטרעקן;
אויף שפּיץ־פינגער, וואַקלדיק נאַכט־וואַנדלעריש,
מיטן אין גאַנג זיך נישט איבערצוועקן.

שטאַרטשענדיק־שאַרף שטרעקן זיך די ראָגעס,
בלוי־פּאַרזילבערט אין טונקלניש געהיימער;
פון אַ באַוועגט בלעטל אויף אַ צווייגל ווו,
וועקן זיך די פייגל אויף די שפּיץ־ביימער.

יעדעס ווינקעלע פליסטערט שטילינקע:
„טו מיך אַרויף אויף דיין האַרץ ווי אַ זיגל״;
שולמית פון איר ווייכן געלעגער,
גייט באָרפוס אַראָפּ אויפריגלען דעם ריגל.

צום לייכטן טאַנץ פון אירע גרינגע טריט,
קלינגען צו אַזוי גין־גאָלדן די שטערן;
מיט אירע צעקאַמטע שוואַרצע לאָקן
וועלן אַלע גאַסן אָנגעפולט באַלד ווערן —

— — — — — — — — — — — — — — — —

קאָן ווער דען זיי איבערציילן אויבן,
די הימל-שטערן, מיליאָנען מילאָסן,
אַזוי די ליכט פון די פענסטער אַרויס — —
מיין שריט איינגעהאַלטן, פאַרהוילן געלאָסן.

כ׳הער נישט דעם טראָט מער, כ׳זע נישט דאָס פּנים —
דעם שוועבנדיקן שאָטן בלויז פון הינטן!
איבער מיר עס שפּאַלטן זיך די הימלען,
אונטער מיר עפענען זיך די אָפּגרינטן.

די איינגעהאַלטנקייט, דאָס דערוואַרטן —
אָפּגעשטעלט פליגל מיטן אין שוועבן!
נאָך איין ראָג, איין פאַרהוילענע רגע,
אַן איינציק געסל און שוין כ׳בין דאַנעבן.

אין הונדערט טויערן קלאַפּט עס אין מיין האַרץ!
תּפילהדיק מיינע טריט שעפּטשנדיקע טרעטן,
סודות־שאָרכנדיק, שטום פאַרשוויגן —
באַוועגנדיקע ליפּן, וואָס אָן ווערטער בעטן.

אין שלאָף וואָרקעט וויינענדיק אַ טויב אויף,
אין חורבה יהודה החסיד איינגעשלאָפן;
דאָס פידעלע פון דוד המלך
וואַרט אויף אויפגעוואַכטן ווינטל פון צפון.

טריפט דער טוי שוין איבער מיינע אויגן?
צוגעפּאַלן צו דער וואַנט מיט מיין שטערן?
פולע מיט ליכט לייכטן מיינע בליקן,
וואָסער וווּנדער עס קאָנען נאָך אַלץ ווערן —

— — — — — — — — — — — — — — — —

קאָן ווער דען זיי איבערציילן אויבן,
די הימל־שטערן, מיליאָנען מילאַסן,
אַזוי די סודות די וווּנדערלעכע — —
שוין אויפן שליאַד און קוים זיי צו דערפּאַסן!

„עומדות היו רגלינו בשעריך"!
ס'טאַנצן מיינע טריט אויף מירמלשטיין שטיגן,
אויף יעקב אבינוס חלום־לייטער,
מלאכים־ניגון מיין געזאַנג־גאַנג פאַרוויגן — — —

ווייס־איבערגעדעקטע, פריש־געגרייטע,
לייכטן גלאַט־פּעכלדיק די פלאַכע דעכער;
עס ציטערט די לבנה איבער זיי —
אליהו הנביא טרינקט פונם בעכער.

העכער אַלץ העכער הויבט זיך די געשטאַלט,
און דער גאַנג אַלץ טיפערער אין דער נידער:
„דאָס מעסער איז געשאַרפט, דאָס פייער גרייט
וואַרט, ווידער באַווייזן ס'וועט זיך דער ווידער".

אַ ווידער־קול צעוויגט זיך ווי לייכט ווינטל
צעקלינגען מיט גאָלד־געשיט פון די שטערן:
„אַז ווידער אויסדערוויילט דו געוואָרן,
די גאַנצע וועלט אַ דערלייזטע זאָל ווערן" —

— — — — — — — — — — — — — — — —

קאָן ווער דען זיי איבערציילן אויבן,
די הימל־שטערן, מיליאָנען מילאַסן
אַזוי די שטיינער פון די בערג אַראָפּ — —
בריליאַנטן אין גין־גאָלד זיי איינצופאַסן.

טעראַסן איבער טעראַסן בלייכן
בליציק צעבלאַנקט מיט בנינים אויבן;
עס דרייט זיך אַ שטעג פון אָפּגרונט אַרויס,
ביז טיף אין הימל אַריין הויך דערהויבן.

הונדערט טויערן פראַלט אויף אין מיין האַרץ,
מיט געבראַזג פאַלן אַראָפּ אַלע שלעסער;
דער הימל איבער ירושלים —
גאָטס אויג פול גנאַד ווערט בלויער אַלץ און גרעסער.

נישט פון מאָרגן־טוי איז באַנעצט מיין קאָפּ —
פון גאָטס אויגן די טריפנדיקע טרערן !
דאָס וואָרקע־געוויין פון דער מערב־וואַנט
אויף קיין איין רגע עס וויל נישט אויפהערן —

— — — — — — — — — — — — — — — —

קאָן ווער דען איבערציילן אויבן,
די הימל שטערן, מיליאָנען מיליאַסן ?
ערשט דאָס סודותדיקע אויסדערציילן,
ווען זיי לעשן זיך, בלוילעך צו פאַרבלאַסן —

שולמית פנים ווען עס רויטלט זיך,
שעמענדיק דעם געליבטן צו געפינען,
אַזוי דער אויפגייענדיקער הימל,
איבער ירושלים אין באַגינען.

גלייך אַזוי שפילט מיגניענדיק נעפּעלע,
פון איר חן־גריבעלע אַרויף צום שטערן,
אַלבאַסטער־בלייך, רויזיק־דורכשיינענדיק — —
בלויער און ברייטער שאַריען צו ווערן.

## משוט בארץ

(פונם טייל „על רגל אחת“)

### תל־אביב

מושל־שיסעלעך אזעלכע, פון ים ארויסגעשווענקטע,
בלאנקן די הייזער אין דער פולער זון;
ווי ליידיק צעקלונגען עס איז די שטאָט.
נאָך וואָס נאָך די כותל מערבי, באמת,
אז פאר „הימל קראצערס“ בעטלער מיט צעשטרעקטע הענט.

עס וועלן נאָך דאָ, אין טומל פון די גאסן,
בארוישטע נביאים ווילדע ארומלויפן!
אָ, די פרייד, אַז מיר האָבן נאָך איצט
אַ וואַנט צו אַ וואַנט צוזאמשלעפן געקענט,
אַ ד׳אמות ווו נביאים זאָלן געבוירן ווערן.

### אויף רחוב אלנבי

ווי אויף פראָנט פון אַ שול, אויף שפיץ פון געזימס,
גלייך אויפן „אנוכי פון די „עשרת־הדברות“,
שטעלט זיך צניעותדיק די זון אויף אַ גאָלדענער שילד,
און ליינענדיק די אותיות, די פיר קאנטיקע,
ווי אַן אָפּגעבריטע שפרינגט זי צוריק אָפּ — —

ווער ווייסט וואָס דאָרטן אויף דער שילד זי האָט געלעזן?
ווי רויט, ווי פארשעמט זי איז דאָס געוואָרן,
דאָס גאנצע בלוט איז איר אין פנים געקומען,
איז זי שנעל, מיט אַראָפּגעלאָזטן בליק די שול גיך פארביי,
גלייך צום ים זיך צולאָזן, צו טבילה.

### יפו

ווי דעמלט בשעת יונהס אנטלויפן פון גאָט,
זעט דער הימל הייגט נאָך אויס און דער ים;

און ווי דער טויטער פיש צווישן זיינע פיס,
וואַשנדיק זיין איבגעווייד אין זאמד,
זעט דער אראבער אלץ אויס אזוי פרעמד.

יונהלע, „העלץ״ מיר, בא הנה,
ס׳פאלט דער טונעל אין ים אריין!
שרייט אַ שפילנדיק תימן־מיידל האלב יידיש — — —
און איך דערלעב דעם טייטש פון דער ברכה:
„ארבה את זרעך . . . כחול אשר על שפת הים״.

## אַן אלטער דקל בוים

אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטע אבאַיע,
דעם טאַרבוש איבער די אויגן פאררוקט,
שטייט ער אין די ברייטע מייטקעס,
אַ פארלאָזענער, אַ באוואקסענער,
כאָטש אַ נארגילע אין מויל אים צו שטופּן.

אַן אייביקייט אזוי וועט ער שטיין אין דער זון,
קיין פיפס פון זיין באָרד און וואָנס נישט אַרויסצולאָזן!
אין דער נאכט נאָר, כאמסינישער, פינסטערער,
צערוישט ער זיך הייזעריקלעך יאָמערלעך,
נאָך זיינע ווייבער, וואָס זיינען מיט זיין בכור אנטלאָפן.

## סאברע־קשאקעס

כאפטעס אראבער מיט ווייבער און קינדער,
געל און גרין דערשראָקן און געבויגן,
פון די פיס פאלנדיק איינס אויפ׳ס אַנדערע,
ביינערדיק טוליענדיק מיט שטויב אין די אויגן,
מיט אויפגעשטעלטע האָרכנדיקע אויערן.

אפשר אין ראָוו דאָ זיך אַריינוואַרפן,
אָדער אריבערשפרינגען און ווייטער לויפן?
קיין עצה זיך נישט צו קענען געבן,
און פון פלוצינדיקן פחד, ראפטים איבערפאלענעם,
שטייען זיי אזוי מיט פארמאכטע אויגן, פארזשמורעטע.

## אן אייזעלע

ווי איבערגעניטשעוועטס אויף דער צווייטער זייט,
פונם אינטערשלאק, פונם אויסגעקראָכענעם,
שטרעקן אויסגעדאַרטע באָרפיסע פיס ארויס,
און ס׳האָט צומאָל נישט מיט וואָס
די איינגעגעסענע פליגן פון זיך אַראָפּצויאָגן.

אַז מען זעט די געלאַמעוועטע אויגן־לעכער,
און דאָס אָנגעשטרענגט שטרעקן דעם וויערדיקן האלדז,
ווי אלע קנעפּ אין אים וואָלטן זיך אָפּגעריסן,
פאַרשטייט מען פאַרוואָס משיח האָט אויסדערוויילט,
דווקא אויף אים צו קומען געריטן.

## א מויל-אייזל

אַ גאַנצן שבת־טאָג שטייט עס אויף לאָנקע,
און פינטלט מבושימדיק מיט די אויערן:
בין איך אַ פערד, צי בין איך אַן אייזל,
ברומט׳ס ביי מיר אין בויך, צי ווער הינטער מיר?
עס קאָן מיט זיך אַליין קיין עצה נישט געבן.

זאָל עס זיך ווי אַ פערד פריידיק צעהירזשען,
צי ווי אַן אייזעלע טרויעריק צעוויערן?
עס ווייסט נישט וואָס עס זאָל מיט זיך טאָן!
און עס קאָן זיך קוים דערוואַרטן שוין,
אַז מען זאָל׳ס ווידער נעמען אין געשפּאַן.

## אויפן כביש

איז ער פון תימן, פון פינסטערן געטאָ געקומען,
אָדער פונם וואַרשעווער ברעגענדיקן, אויפגייענדיקן,
דעם דזשענדיקן רויך נאָך אויפן פנים,
צי גאָר שוין אַ פאַרזעגנטער פון דער זון,
שטיינער טראָגנדיק צום כביש און צום בנין?

איך האָב אים אין די לויטערע אויגן געקוקט,
און ווי אין די שטערן געלייענט אונזער גורל!
און אין האַנט זיינער, אין מיינער האַלטנדיק,
האָב איך דערפילט דעם עתיד אונזערן —
מיט פעסטע צוואַנגען פון פלאַמען געריסן — —



4

## א פאסטוך מיט ציג

אונטער זיין טונקל לענגלעך פּנים דאָס ציגן בערדל,
איבער די אויערן דאָס קענזשערדיקע דריידל־געקרייזל,
און די ציג עפּעס אויך ווי אין קרועה בלוע בגדים,
מיט אויגן אזעלכע גרויסע, קלוג־מרה־שחורהדיקע,
און מען ווייסט נישט ווער וועם ס׳ציט ביים שטריק.

איז עס נישט דער שעיר־לעזאזל טאקע,
און דער „איש עתי״ שלעפּט אים אין די בערג דאָ,
פון ערגעץ ווו אַ העכסטן אַראָפּצושליידערן,
ס׳זאָל קיין שריד ופליט פוןביידע נישט בלייבן,
ווייל ס׳שלעפּט דער שטריק מיט איינער דעם צווייטן.

## חמי טבריה

זיך באָדנדיק אין אזא חמי טבריה־וואַנע,
האָט אַ הלל אַפילו געוואויער געוואָרן זיין ווערט,
און ווי ארכימעדעס זיין „איך האָב עס״,
אויסגערופן דעם: „אם אין אני לי מי לי״!
מיט אלע מיינע גלידער אצינד איך פיל עס.

מיט שטראַלן וואָס ברעכן זיך אין אַ וואַנע וואַסער,
האָט זיך מיט הללן געשפּילט זיין געדולד:
יאָ, כדי צו קענען ליב האָבן דעם חבר ווי זיך,
מוז מען דאָך קודם כל ליבן זיך אַליין — —
מיט אלע מיינע גלידער אצינד איך האָב עס.

## דגניה

אין אַן אַלט מעשהלע ווערט דערציילט,
אין אַ מדבר האָט אַ הייליקער געטרעטן,
זיינען בלומען געוואַקסן צו זיינע פיס,
פייגל חתונות האָבן געפלאטערט איבער זיין קאָפּ,
און פיש האָבן זיך פארזאמלט מיט פארגלאָצטע אויגן.

איך האָב׳ס געזען לייבהאפטיק לעבעדיק,
דאָס ווונדער מעשהלע פאר מיינע אויגן,

זייט ס׳איז שטיינגעבליבן אזוי ביז היינטיקן טאָג,
און שטיין וועט עס אזוי אין דער אייביקייט,
זייט באַטראָטן ס׳האָט דאָס שטיקל ערד א. ד. גאָרדאָן.

## קבוץ לוחמי הגעטא

ס׳האָט דער אש־שטויב פון ברענענדיקן געטאָ,
אין אַ ווירבלדיקן כּאַמסין זיך פאַרוואַנדלט,
און מיט אייגענע לייבער ברענענדיקע אין זון
באַשיצן זיי אצינד דאָ די ערד:
„ארץ אל תכסי את דמם — —"

און לעשנדיקע שייטערס אינם ווינט,
שלאָגנדיק וואָרצלען אין זאמד,
זיינען זיי יענע צארטע מאנדל־צווייגעלעך
ווונדיק־ווונדערלעך אויפבליענדיק,
אין קדשי קדשים, לפני־ולפנים — — —

## געקריי פון הינער־שטייגן

נישט אַ האָן מיט פליגל־שטראלן צעפּאַכעטע,
אויף טרוים־שטאפל אויף העכסטן אויפגעפלאַטערט —
אַ געפּענטעטער געקריי פון גערגעלעך טויזנטער,
אַ ווייסע כּפּרה מיט רויטן קאַם געשוואָלענעם;
האָט זיך געדרייט אין מיין קאָפּ מיין צעמישטן:

אַז מענטש מיינט אַזויפיל און אַזויפיל וואָלט,
און אַן איי איז אַזויפיל קאַלאָריען,
וועט אויסבריען פון די ערד זיך אין דער זון,
אַ שלאַנג אונז אלעמען צו פארשלינגען — — —
נישט שלאָף — אַ טרער כ׳האָב אויסגעווישט פון אויג.

## אויפן כנען

אַ כשוף עִגול איז אַרום דער האָריזאָנט,
און אַ קייגן גייט די באַשערטע מיט דער זון,
אַן איבערגייענדיקע טראָגט זי זי אויפן קאָפּ,
און צוגעפאלן מיט די ליפן, אויף די קני,
טרינק איך זי אויס ביזן לעצטן טראָפּ.

בין איך אײנער פון די זין וואָס זוכט זײנע ברידער?
אָדער אַ בעדואין וואָס פאַלט אויפן פּנים פאַר גאָט?
נאָר ראַפּטים דאָס כּשוף־ראָד ווערט אויפגעריסן:
אַ כּביש לויפט אָן, ווי אַ סיקנדיקע שלאַנג,
אין איר ברומענדיקן אײנגעווייד מיך אײנצושלינגען.

## הר תבור

צום בעל, צו אשתורת און צום מולך,
די פּרוכט פון מענטשן־לײבער מ׳זאָל מקריב זײן,
האָב איך פאַרשטאַנען אים דערזעענדיק;
יעדע שרעק ענדיקט אין אים,
און יעדע לוסט הערט אין אים אויף.

ווי אן אָטעמדיקער געץ געוואַלטיק!
לינקס און רעכטס קניען פאַר אים די בערג,
און די טאָלן פאַלן פאַר זײנע פיס,
אויף זײערע פּנימער ליגן זײ אויסגעצויגן;
איז וואָס שוין די געפּאַלענע פּרוכט פון מענטשלעכן לײב?

## כאַמסין אויפן הר הכרמל

אָ, אַ גאַנצע נאַכט האָט דער כּרמל זיך געריסן בײ די האָר,
ער וועט נאָך בלײבן אַ פּליכטוואָטער ווי אלישע,
אויב בני־הנביאים וועלן נישט אויפשטײן ווידער,
אויפצוכאַפּן אליהוס קלייד, דאָס האָריקע — —
ווי עס האָט דאָס געוויינט אַ גאַנצע נאַכט פאַר אונזער טיר.

אין דרויסן ווערן קינדער פון בערן צעריסן!
אין שרעק שטרעקן מיר זיך פאַרשטעקט אויף אונזער געלעגער:
לײדיק וועט אויך בלײבן דער קרוג אין דער אלמנה׳ס הויז — — — —
מײנע אויגן זשמורן זיך אַזוי שטעכיק,
ווי שטאַכלדראָט אַרום „בית־עולים" הינטערן כּרמל באַרג.

## אַראָפּ צום כּנרת

זיבן מאָל, ווי אונטער אַ חופּה,
דרייט מען זיך אַרום כּנרת,

דער חרמון טראָגט דעם קוילעטש אויפן קאָפּ,
אַ באשיטן מיט מאַנטשקע און מיט מאָן
און די כוואַליעס שפּילן דאָס אונטערפּירעכץ.

אין זיבן שלייערס אַ געהילטע,
איינער וווּנדערלעכער פונם אנדערן,
און ביי יעדן ארומגערינגל אירן,
שטייט אַן אַנדערע פארב איר אין פּנים,
נאָר די זעלבע הענגענדיקע טרער אין אויג.

## ים כנרת

יענע פידל אַ צעשפּילטע אין מאָרגן ווינט,
פעסט אונטערן קין האלט ער זי אצינד;
ביים סטראָיען אירע סטרונעס זיך איינהאָרכנדיק,
די ווייסע האָר פאַסמעס איבער די שלייפן,
איבערן שטערן זיינען זיי אים צוריקגעפאלן.

פון אירע שווערע חלומות אַ גאנצע נאכט,
די אויפגעריסענע זון, אַן אויפגערעגטע,
אלע אירע שפּיזן שוין אריינגעשליידערט אין אים,
אָבער קיין איין פאַסמע גיט זיך קיין ריר נישט,
אזוי הבקותדיק פארטיפט גיסט זיך דער ניגון.

## צפת

1

העכער אלץ העכער הויבן זיך די געסלעך,
שטאַפּלעך אין אַ לייטער אַן אויפגעשטעלטע,
איר שפּיץ מיטן אויג נישט צו דערגרייכן;
ס׳געגיי אַרויף און אַראָפּ — יעקב אין זיין חלום,
דער ארי הקדוש אין זיינע מדרגות.

און אונטן דאָס הימלישע פארטרוימטע,
זיינען דאָס הען טויטע אין קברים,
זיי ליגן דאָך און חלומען — — —
דאָס אויפגעריסענע אויג צווישן די בערג,
ווי עס קוקט מיך אָן אזוי רויטלעך און פארטרוימט.

2

געהערט כ׳האָב די העגער קרייען אין צפת,
און פאַרשטאַנען דעם טייטש פון „הנותן לשכוי בינה“ ;
זעענדיק אַ שעפּס ארויסקוקן פון שטאַל
מיט זיינע גרויסע אויגן אין בלויען באַגין,
און דעם סוד הגילגול כ׳האָב פאַרשטאַנען.

און ווען מ׳האָט מיך אַרייַנגערופן אין אר״יס שול,
ווייל ס׳האָט געפעלט אַ צענטער צום מנין,
האָט מיין האַרץ זיך אַ ריס געטון אין מיר —
דער זיך אויפגעהאַנגענער דילה ריינה אויפן שטריק ! —
אַ דיבוק האָט ער דבקותדיק געצאַפּלט אין מיר.

## אַרויף קיין מירון

אַ זון אונטערגיי פון אונטער אַ וואָלקן אַפּויער,
אונטער אַ פעלדז אַ שטיינגעבליבענע קו,
נעמט דיך אַדורך מיט דורכדרינגנדיקן בליק ;
און שטיי איך נישט ווי אוועקגעשטעלט פון שטיין
אַז ביידע, זון און קו, דערשרעקן זיך פאַר מיר ?

נישט קיין הימל הענגט דאָ איבער די בערג, נישט קיין וואָלקן,
עפּעס הענגט דאָ איבערן טאָל דער גורל פון דער וועלט !
מיר האָבן אַרויסגעטראָגן פון דאָ גאָט׳ס סוד
קומען מיר צוריק אצינד מיט די טרער פון מענטש — —
וועלן מיר זי כאָטש קענען דערטראָגן ביז צו גאָט ?

## „אל מלא רחמים שוכן במרומים“

מיט בלעכערנעם קאָנסערוון שעכטל, צעקנייטשטן,
פון וועלכן די עשרה בטלנים, צעסלינעטע,
האָבן מיט פעטע פינגער דאָס פלייש אויסגעלעקט,
האָט זי זיך אַ ביסל ערד דאָ צונויפגעקראַצט,
לאחר מאה שנים מומיעדיק צו קאָנסערווירן.

כ׳האָב זי אָנגעקוקט די „אַמעריקאַנער ליידי“,
און איר „דזשענטלמען“ מיטן שנופּטיכל אויפן קאָפּ,
און ווי אַ פאָן, פלאַטערדיק — אַן „ערב“ איבערן זוהר,
האָב איך מיין טאַטנס רויטע פאַטשיילע דערזען —
און מיין מאַמע אין טערקישן שאַל איבערן שטערן.

## קיבוץ גלויות

(צוואַנציק שאָטן־שניטן)

### ארץ

גרינג געווען פון דער ערד דאָ אַ מענטש צו מאַכן,
אַ ווייב פון אַ ריפּ, פון איינע פון זיינע זייטן,
און ווו די וועלט נאָר אַן עק האָט, — אין אַל־די־העק ! —
זייערע קינדער איבער דער וועלט צו צעשפּרייטן.

אַ קונצשטיק אַ שטיק ערד, אַ פּעטס, אַ געקנאָטנס,
צערייבן, צעמאָלן און אין שטויב צו פאַרבייטן — —

אָבער די שטויבעלעך צוזאַמענצוקלייבן,
און פון זיי אַלע איין שטיקעלע ערד צו מאַכן,
אַ שטילס, אַ רואיקס, אַ צעבליטס און צעוואַקסן,
דאָס־אָ צו מאַכן ס׳איז נישט פון די גרינגע זאַכן.

אַז עס וועט אים געלינגען דאָס־אָ צו שאַפן,
גאָט אַליין, פאַר גרויס פרייד, וועט זיך אַזש צעלאַכן.

### אויפן כביש

ווי אַזוי ער שטייט דאָ מיט שפּאָדל אין דער האַנט ?
ווי אַזוי איז אברהם פון קאַלך־אויוון אַרויס ?
אַז גאָט אַליין קאָן עס זיכער נישט באַגרייפן,
איז ווי אַזוי ער, אַ פּשוטער חלוץ בלויז.

אַן אויסגעצויגענע האַרמאָניקע אויף שויס,
ציט ער מיט שטייפע הענט זיינע דעם כביש דאָ אויס.

איז עס סמאָלע דען אין ברענענדיקן קעסל,
און דאָס געררויש — צעמיש פון זאַמד און צעמענט ?
אָדער שיט זיך נאָך אַלץ דער ברענענדיקער אַש,
פון אַן אויוון וואָס אונזערע ביינער פאַרברענט ?

עס איז זיין האַרץ אַ צעשפּילטע האַרמאָניקע,
אויסגעצויגענער כביש אין זיינע פעסטע הענט.

## כאמסין

זאַמד בערג קאָן אַ כאַמסין אַוועקבלאָזן,
אַש פון מיליאָנען — צעפלאָשעט ווערן!
אָבער נישט אַ גרעזעלע וואָס וואָרצלט,
און וויל זיך מיט אַלע כוחות דערנערן —

די שטויבעלעך נאָך זיי האַלטן צוזאַם,
און מעג דער שטורעם די וועלט איבערקערן!

אַ פייער פלאַקערט און ברענט זיך דאָך אויס,
און דער גרעסטער פלאַם מוז פאַרלאָשן ווערן,
אָבער נישט אַ פונק וואָס טליעט אין אַש,
צו גליען עס קאָן קיינמאָל נישט אויפהערן —

פלאַמיקע הערצער וואָס האַלטן צוזאַם,
דער שטן אַליין קאָן זיי נישט צושטערן!

## א מאראקאנער ארומטרייבער

פאַר אַ שטיק ברויט וועט ער דאָס ווייב זיינס פאַרקויפן,
און פאַר אַ ווייב דעם אייגענעם ברודער דערשטעכן;
עס פאַלדעוועט זיך זיין הויט דיק איבער זיין לייב,
אונטער אַ שטומפיק מעסער קנאַלנדיקע בלעכן.

אָבער עפּעס אַזוינס אינם האַרצן טראָגט ער,
זיין נשמה דערפאַר וועט ער לאָזן אויסדעכן.

און אויב מאַנכעס שטיק ערד דאָרט, אַרום הר תבור,
תאוהדיק פאַרבענקט איז נאָך די אַראַבער לייבער,
נאָך דעם טעמפּן דעך, ווען זיי צעיאַכמערן זיך,
שלאָגנדיק וואַרעמע צעפאַלדעוועטע ווייבער —

אַ פאַרוואָגלטער „ארמי אובד אבי“
עס איז נאָך אַזאַ מאַראָקאַנער אַרומטרייבער.

## „יחי מלך המשיח"...

אויף אַדלער־פליגל געפלויגן — פון תימן!
מיט וואָס אַנגעקומען אין הייליקן לאַנד?
מיט ליידיק קעסטל פאַר שוואַקס און בערשטל,
אַ פּאָר שיך כאַטשיק צו פוצן נאָכאַנאַנד.

נישט חלילה וואָכענדיקע מטבעות —
די זון מען וועט זיי שטופּן אין דער האַנט!

וואָרים אַז די ערד איז גאָטס פּיסנבענקעלע,
גייט ער דאָך זיכער נישט באָרוועס און אָן שיך,
און נאָך צוויי טויזנט יאָר גיין איבער דער ערד,
ווי שטויביק מוזן זיין די שיך פון משיח — —

ווי פלינק די בערשטלעך צווישן די פליענדיקע פינגער
פלעדער־פליגל אויף בלאַנקן הימל — אַזוי גיך?

## דער פּאַטריאָט

בסך־הכל געקומען ר'איז מאַכן „ביזנעס,
אָבער דרייען דרייט ער זיך אַרום ווי אַ משיח;
און זיין „לעדי" אין פּערל און אין דימאַנטן,
גלייך דעם גאַנצן גלות געטראָגן זי וואָלט אויף זיך.

„האַרי־אַפּ, האַרי־אַפּ!" עס זייבען דאָלאַרן!!
און פּאַ־אַמעריקאַנסקו מוז עס גיין, אויף דער גיך.

וואַקסן שטאָקן אויף שטאָקן זייבע מויערן,
ווי דאָס בייכל זיינס, ווי דער אויסגעקיילעכטער פליך,
ווי דער גוידער אַרום איר פעטער געמבע —
אַן אָפּגעדעקטער, במחילה, צעשאָקלטער דיך:

— אָ, אַז זיי וואָלטן אונז נאָך צוצאָלן געמוזט — —
ווי שלאַנק זיי בלייבן פון העצן זיך אין דער גיך — —

## דער טוריסט

אין לייכטן העלן אַנצוג, אין פּאַנאַמאַ הוט,
די טאָפּלטע תיר־תלשים אין בוזעם טאַש,
און ווען די קאָר שטעלט זיך אָפּ אין מאה־שערים,
איז ווי ר'וואָלט אַ זיפּ געטון פון דער וויסקי פלאַש —

ס׳מישט זיך אים אין קאָפּ: אייבראַהאַם, אייזעק, דזשעקאָפּ...
און די אויגן פייכטן זיך אים: אויטשיזני נאָש!

און וואָס מען ווייזט אים נישט אַלץ אויפן הר־ציון,
צומאָל זיין טאַטנס געבליבענע ביסל אַש — —
אין קיבוץ, ווען ער קומט צווישן די פּועלים,
גיט ער זיי מיט זיין דיקן טשעק־ביכל אַ סטראַש!

און אין בית עולים טאַפּט ער נערוועז, צי ער האָט נאָך,
דעם ענגלישן פּאַס מיט די וויזעס אין בוזעם־טאַש.

## דער „פּקיד״...

וואָס בייכיקער ס׳ווערן די זאַמל פּושקעס,
אַלץ גרעסער ווערט זיין וואַקסענדיקער בויך,
און ערשט אַצינד פון דער פּאַרגיטיקונג,
במחילה, פונם קרעמאַטאָריום רויך.

נישט נאָר פון קאָנסערוו־פּושקעס — פון קדושים־אַש
אַ פעט ביינדל אָפּלעקן מען קאָן אויך!

בית עולים די־פּי׳ס, מעפּילים, חלוצים,
תרבות שקצים! פאַר אַ וואָרט, פאַר אַ הויך.
וואָרים באמת, אין תוך, ווער זייט איר דען,
פּליטים־רעשטלעך פאַר קיינעמס מער געברויך.

אַ פּיפּס, נאָר פונם מויל אַן איינציקן הויך,
און גאַנצער גלות — קרעמאַטאָריום־רויך — — —

## א שליל-הגלותניק

אויסגעליידיקט שוין דעם גאַנצן גלות,
לעקט ער אויס דעם שריים פון דער שיסל;
אויפגעפרעסן שוין די פעטע יאַדרע,
פייפט ער ווערעמדיק פונם הוילן ניסל.

ווי גלאַט כשר אַזאַ מעלה־גירהניק!
אָנגעפרעסן זיך ווייזט ער ס׳חזיר־פיסל...

אַ הונגעריקער צי אַ זאַטער שוין —
אַ בעטלער בלייבט אַ בעטלער און תמיד ער שעלט!
אַ ל״ו׳ניק אָבער בלייבט אַ הייליקער,
צומאָל אין קריע־בליאה־בגדים פאַרשטעלט.

ער שנאָרעט נישט חלילה ביים פרעמדן טיש —
גלות־ליידן גייט ער איבער גאָרער וועלט!

## דאס זשורנאליסטל...

פון לויפן איבער שוועלן פון רייכע האָטעלן,
וווּ ס׳שטייען אַמעריקאַנער, ס׳האָט שוין פלאַט־פיס;
פון טאַפּן קהלשע קלאַמקעס, שוויצן אים די הענט —
זיי טריפן „זבת חלב ודבש" — אזוי זיס!

יעדער צעקלאַפּטער שרייב־מאַשין־זאַץ, טאַקע עבֿרית,
אָבער פול ר׳איז בלע״ז: מיט „טענקיו" און מיט „פּליס".

ער ציטערט פאַר יידיש ווי פאַר אַ בייזער שוויגער —
אַ זיידן איידעמל וואָס זיצט אויף גוטע קעסט!
אַ נפֿשל, לעקט פון אויבן און שמעקט פון הינטן —
אַ „שוויצער", וואָס שוויצט ווילד מיט יענעמס שווייס פאַרמעסט — — —

ס׳שרייבט אָנגעשפּיקעוועטע צנע־אַרטיקלען,
און הינטער פאַרשלאָסענער טיר זיצט עס און ס׳פרעסט.

## די גערעכטע טענה פון א „העכערן" ישראל־באאמטן

מילא, אַז אַ ישראל באַאַמטער נעמט „חלה",
בלייבט כאָטש די מאַטניאַ אין הייליקן לאַנד,
בויט זיך נאָך אַ ווילע, לויפט נאָך אַ לוקסוס קאַר;
און איז דאָס חלילה פאַר אַ מדינה אַ שאַנד,

אַז נאָך אַ סאַברע פאָרט אין סאָרבאָנע שטודירן,
מיט וואַלוטע דעוויזן וואָס זענען קוראַנט?

יעדעס ייִנגל ווייסט שוין, ביי יעדן חשבון צדק,
פאַלט האַלב אין וואַסער אַריין, האַלב נעמט צו די וואַנט,
און דאָס נעמלעכע מיט פעקלעך און מיט שוק־השחור:
די בוטיקע קאַלאָריען בלייבן דאָך אין לאַנד!...

אָבער אַז דער אַפּיל־אָפּישל אין דער דיאַספּאָרע שוין,
האָט גרויס ווי דער גלות שוין אַ לאַנגע האַנט — — —

## א ישראל ייד שאקלט נעבעך גלותדיק מיטן קאפ

פּאַראַדן, דעפילירן, סאַלוט־שיסן און טשעסט,
רעדעס האַלטן פון די וואַרענדעס אַראָפּ — —
צומאָל דאָס אויג פאַרקוועטשן מיט אַ מאָנאָקל ! . . .
אָבער זייען, שניידן און בינדן אַ סנאָפּ ? . . .

און ביז מען דערלעבט עס שוין און מען דערזעט עס,
דאָס קאַרטאָפעלע זאָל זיך קאָכן אין טאָפּ.

פענדלעך איבער טייערע דיפּלאָמאַטן קאַרס,
(דער שאָפער עפענט נאָך די טיר דעם סנאָב !)
פראַכט פּאַלאַצן מיט לאַקיי פאַר טיר אין ליווּרע — —
אָבער איידער מען דערלעבט דעם האַך איבער קאָפּ !

„עד חצי המלכות" כ׳וואָלט זיי מוחל געווען,
ווען פאַר ווייב און קינד די תלשים כאָטש אין טאָפּ.

## דער מעבר־לים־דיפּלאָמאַט פער־עקסעלענץ

אַן אַמבאַסאַדאָר, אַ קאָנסול אַ קונצשטיק צו זיין,
אַז וועלכער ייד האָט דאָס נישט קיין מיניסטער קאָפּ ?
נאָך זיין ערשטן באַזוך ביים קעניג געדאַרפט אים זען,
אונטער אָרעם ס׳שטעקעלע מיט זילבער קנאָפּ.

אָ, פון זיין גאַנץ גאַלאַנטקייט אַרויסגעזונגען האָט :
„אוי, דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער כלאָפּ" —

אַ שוואַרצער פראַק, אַ געפּרעסטע הויז, דער „אידן"־הוט,
פון קוריער געבראַנגט אָקאָרשט פון אַ באַנד סטריט שאָפּ ;
דיפלאָמאַטיש פּאָמאַדיש דער שרינט אינם פּריזור,
סטראַטעגיש געצויגן ביז צום פּליך און אַראָפּ —

אָ, פון זיין גאַנץ עלעגאַנטישקייט אַרויסגעטאַנצט האָט :
„אוי, דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער כלאָפּ" —

## דער לייב פון יהודה

אַז דער פוקס קאָן נישט אַריינקומען אין גאָרטן,
זאָגט ער אַז די ווינטרויבן זיינען זויער ;
ער האָט נישט קיין הערנער, אָבער אַ קלוגע צונג,
ר׳בלייבט נישט שטיין שטום, ווי אַן אָקס פאַרן טויער —

אָט אַזוי־אָ איז אים בילכער רחובות, מסתם,
איידער די כותל־מערבי חורבדיקע מויער — — —

אָבער, אַז געוואַלטיק דער לייב וועט אָנקומען,
ווער וועט זיך אַקייגנשטעלן זיין ווילן ?
אונטער זיין טראָט די טויערן וועלן איינפאַלן,
ווען אויף די יהודה בערג ר׳וועט זיך צעברילן —

אַ לאַך־טויב וועט זיך שכינה דעמלט צעלאַכן,
אַ צעוויינט קינד וואָס מאַמע טוט עס שטילן.

## דער סאברע „ונער קטן נוהג אותם“

די טונקלנישן פון אַלע מענטשן מינים,
גאָרער האַרטקייט פון דער וואָגיקער ערד,
מוז זיך שפּיגלענדיק אין אים ליכטיק צעבלאַנקן ;
שאַרף אויסגעשליפן עס מוז זיין יענע שווערד.

אַ פלינקע באַוועגלעכע און אָן פגימה,
ביז אין אַקער־אייזן פאַרוואַנדלט זי ווערט.

אויף כף־הקלע־ערד־קיילעך יאָגט זיך די וועלט,
מיט וואָרט־געכאָרכל וואָס קוים נאָך דערהערט —
לעצטער „שמע“ צווישן וועלפישן ציין־געשלייף,
אַש־גרוי געפלאָשע פון גוססדיקע בערד — —

ווען דאָס מעשהלע פון וואָלף מיט שעפעלע,
וואָס דאָס יינגעלע פירט — מקוים שוין ווערט.

## אויף יענער זייט ירדן

אויפן באַרג נבו דאָס לאַנד כנען ר׳האָט דערזען,
אויף זיין לעבן משה אויפגעהערט האָט צו בעטן :
אַ לאַנד פון אַזוי פיל שטיינער און אַזוי פיל זאַמד,
ער האָט מורא געקראָגן עס איבערצוטרעטן —

יענעם „איש עברי“ וואָס געשלאָגן דעם צווייטן
פאַר די אויגן זיינע, מיט אַמאָל ער, דערזעט׳ן — —

אַ לאַנד איז נישט קיין מדבר, מ׳לעבט נישט פון מן,
מיט לויטער גערעכטיקייט צו קענען אויסהאַלטן,
אָדער זיי וועלן מיך אויף טויט פאַרשטייניקן,
אָדער נישט איין וַאזַא ייד אין זאַמד כ׳וועל באַהאַלטן —

נישט אויף לעבן מער — פאַרן לאַנד ר׳האָט געבעטן!
און זיין קאָפּ צעשפּאָלטן צווישן די פעלזן־שפּאַלטן.

## דער ירדן

גין־גאָלדנע גלעקלעך אין אַ קעניגס קרוין — —
פולע זשמעניעס גאָלדשטיקלעך אין צעשיטן — —
דאָס וואָס אַזוי קלאָר און בלאַנק געקלונגען,
אין אַ שאַרפע קלונג גאָר ס׳האָט זיך פאַרביטן.

אָ, אַז מיטן ירדנ׳ס בלאַנקע כוואַליעס
מען האָט אונזער לאַנד אויף צווייען צעשניטן.

לויטער קלאָר כולו זכאי ס׳וועט די זון,
ווען געטובלט זי שווימט אין זייער מיטן;
איבער דער בריק געוואָרפן איבער זיי,
קומט משיח אָן אויף ווייסן פערד געריטן.

און איז נישט כולו חייב אַזאַ וועלט,
מיט זיי אונזער לאַנד אויף צווייען צעשניטן.

## דער זינגענדיקער ירדן

אַ וואונדער אַז אַזוי שמאָל ר׳איז דער ירדן,
אַז מיטגענומען אים ווו מיר זייבען געגאַנגען;
זיין פריידיק געמורמל איבער די ברעגעס,
די הערצער טרויריקע אָנגעפילט מיט געזאַנגען.

די אויגן מיט טרערן פאַרלאָפן וועלן,
און אונזערע טאַפּנדיקע הענט אים דערלאַנגען.

און אַצינד „הירדן יסוב לאחור״ — —
וועלן מיר פון זיינע ברעגעס דען צוריקבלייבן?
מיר ברענגען אים צוריק, גרעסער ווי ער איז —
פון אונזערע הערצער געוואַלטיק אַרויסהייבן!

גאָרער קיילעך ערד — אַ יאָגנדיק מילראַד,
מיט זינגענדיקע שטראָמען עס אייליק אַנטרייבן.

## ירושלים

נאָך רינגלען מיר די גאַנצע וועלט אַרום מיט דיר,
און אַלע מענטשן פּאַלן פּאַר דיר אויף די קני;
דאָס אָפּבילד פון דיר, צעשפּיגלט אין יעדן הארץ —
ווי אין טייכל די זון אין ליכטיקן אין דער פרי.

עס ווערט שטיל, עס ווערט לויטער, עס ווערט געהייליקט,
צו דערטראָגן יעדע מאַטערניש ב׳שווערע מי.

תפילהדיק שעפּטשענדיק דיך, ירושלים,
מיט אונזערע ליפּן מיר ריידן דיך אַרויס,
און גאַנצע וועלט ווערט פול גענאַד און דערבארמיק,
און יעדע מינדסטע שטוב גאָטס געהייליקטע הויז.

ס׳האָבן דיך די נביאים מיט זייערע קעפּ
אַריסגעשלאָגן פון געשטיין וווּנדערלעך גרויס.

## ארץ ישראל

שוין וואָרצלען מיר דאָרט מיט אָדערן אין די פעלדזן,
באָר אין אונזערע הערצער נאָך מדבר־שרעק, געהיימער;
מיר מוזן בלויז די ערד מיט גרינס ווידער באַקליידן,
איר שאַנד באַדעקן מיט צעבלעטערטע פייגן־ביימער.

פון די העכסטע שטיינבערג, די ווילדע ציגן סטאַדעס,
פולן שויך, שוימיק־שטראַליק, ליידיקן „מזל דלי״־איימער.

און אויף שפּיץ באַרג, אויף העכסטן, דער שטאָלצער שטיין־באָק,
די הימלען צו דערגרייכן פּאַרריסן זיינע הערנער,
די ערד טיף צעאַקערט ער מיט די פלינקע שאַרפן,
צו פאַרזייען אין איר די געווינטשאָוולטע קערנער.

און גלייכע פּאַלמען און צעצווייגטע צעדערביימער
וואַקסן שטאָלץ אויף פון שטויב פּאַרפּלאָנטערטע סאַברע דערנער.

## נר תמיד...

גלות און גאולה זיי הענגען צוזאַם,
אין ברענענדיקן ליכט די קנויט מיטן פלאַם ;
איינס אָן דעם אַנדערן צי קאָן עס דען זיין,
ווי אָן דעם שנויצל־אַש דער לייכטנדיקער שיין.

עס פלאַמט, עס פלאַקערט און מיר אין דעם פאַרניכט,
פלאַטער־פייגעלע אַרום ברענענדיק ליכט.

ווי לאַנג ס׳צאַנקט נאָך און ס׳שמעלצט און דער חלב רינט,
קנויטל און פלעמל איין פינקל נאָך פאַרבינדט ;
אָבער אַז דער לעצטער פונק פאַרלעשט שוין גאַנץ,
אין פלאַקער־צעצאַפּלטן טויטן־טאַנץ — — —

גלות און גאולה זיי הענגען צוזאַם,
אין ברענענדיקן ליכט קנויט מיטן פלאַם.

דאָס געשטראַל ביים צעפּאַל און ערשט ווען גאַנץ אויס,
ס׳איז דער פונק וואָס רייסט זיך פונם שטיין אַרויס ;
און שנויץ־אַש וואָס הענגט פון פייערל אַראָפּ —
דער שלייער וואָס דעקט אַ ליכטיק פנים אָפּ.

גלות און גאולה זיי הענגען צוזאַם,
אין ברענענדיקן ליכט די קנויט מיטן פלאַם.

## יונה הנביא

(דער פישער פון יפו — באַלאַדע)

די מעשה פון פישער, פון גערעכטן,
וואָס יעטוועדעס וואָרט זיינס געוואָרן איז וואָר,
ער האָט עס נאָר אַרויסריידן געמוזט,
און שוין געשען איז עס געענוי אויף אַ האָר ;
זיין געזאָגט וואָרט געהאט האָט אַזאַ קראַפט,
ווייל געווען ערלעך איז דער פישער ביז גאָר !

שווייגן געלערנט האָט ער ביים פעלזן,
גרימצאָרניק ריידן — ביים אויפברויזיקן ים,
בלויז פון כוואַליע־לויף בישט לערבען געוואָלט,
אַז פאַרגעבונג און גבורה גיין מוז צוזאַם — —
אין גראם נאָר פראָסט איבערדערציילן,
יענע מעשה פונם ערלעכן איש־תם.

1

פאַרשפּיצטע נאָז, שאַרף־געקאַרבטער שטערן
קוקן פאַרביסן פון פאַרזשמורעטער באָרד ;
דער שטעכיקער בליק פאַרציט זיך פינסטער —
אין אַ ראָוו אַ לויערנדיקער אויף מאָרד.

אַ מאַסטבוים שטיק פון ים אַרויסגעשווענקט,
אַ שטריק פאַרוויקלטער, מיט גרעזער פאַרקנוילט,
צעשמעטערט אין טיפעניש ליגט די שיף,
מאַסט פון כוואַליעס, ווי מיט מעסערס אויסגעהוילט.

קלאַפּט אַ פויסט אין אים ווי אין אַ האָלץ־פּויק,
אָדער איז זיין הארץ געבליבן נאָך דאָרט ?
ר׳וועטס אַרויסרייסן, וואַרפן פאַר די פיש,
איידער מענטשן־קינדער צוואַרפן אַ וואָרט.



5

נישט פּימסן־האָלץ געקניפּט צום זוים פֿון נעץ,
איבער גלאַטן פֿלאַך מיט לייכטן געשווים —
דאָס בליי, וואָס ציט צום תהום טיף אַראָפּ,
איז דאָס וואָגיקע וואָרט פֿון גאָט אלהים.

אַז גאָט׳ס וואָרט שניצן מיט שפּיציקער צונג,
וועט עס דאָך ווערן אַ פֿנימלאָזער געץ,
יענער גליטשיקער גלאַטער וואָרעם,
פֿאַר אַ פֿאַנג וואָס מען לייגט אַריין אינם נעץ.

נישט פֿאַרלייקענען און נישט גרינג מאַכן
וועט ער עס — צומאָל ווען גאָט אַליין עס וויל!
אויף אַ האָקן, איינגעביסענעם פֿיש,
זיין צעצאַפּלטע צונג וועט ער האַלטן שטיל.

עס סלינען ווי אין וועלן־געקרייזל,
זיך ליפּן באַלעקטע מיט בלוט איבער באָרד — —
האַרפּונען אויף וואַלפֿיש צו שליידערן,
שפּיצן זיינע ציינער צו זיין שפּיזיק וואָרט:

נאָך ננווה כ׳זאָל גיין אויסשרייען די זינד — —
מוז דאָך שטאַרבן דער וואָס באַגאַנגען זי האָט!
וויל איך בעסער די צונג מיר אָפּבייסן,
און שפּייען זי פֿאַר די פֿיש, אויף גאָטס באַראָט:

ווי די פֿיש אין ים אַזוי פֿונקט דער מענטש,
דו האָסט דאָך אים באַשאַפֿן אַזוי ווי ר׳איז,
און עס פֿרעסט דער גרויסער דעם קליינעם אויף!
דעם וואַלפֿיש צו טויטן זאָל איך זיין דיין שפּיז?

נאָך ננווה כ׳זאָל גיין אויסשרייען די זינד — —
וואָס ווייסט דען דער מענטש וואָס רעכט, וואָס אומרעכט?
ס׳איז דאָך די ערד דיין ציענדיקע שיף,
די מענטשן — ביי רודערס געבונדענע קנעכט —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ פֿאַרקנוילטער, אין זאַק־קלייד פֿאַרוויקלט,
קנאָכן און קנייטשן — איין טריפֿנדיקער נעץ,
ווי ער אַליין וואָלט געוועזן אַזאַ —
פֿון אַ מאַסטבוים פֿניאַק אַ געטעסעטער געץ — —

פאַרשפּיצטע נאָז, שאַרף־פאַרשאַרצטער שטערן,
קוקן פארפלאָנטערט פון צעפלאָשעטער באָרד,
די כמורנע אויגן פינסטער פארצויגן,
ביי אַ רוצח נאָך באַגאַנגענעם מאָרד.

2

„העי ליגט נישט דאָרט יונה, דער פישער,
וואָס האלט ווי אַ טייבל אין בוזעם זיין געץ?"
און פון געאַנקערטער שיף, מיט איין שפּרונג,
שטייט שוין ביי אים פון חברה דער גרעסטער לץ.
„העי, יונה, אַרויסגעפלויגן ס'טייבל!"
גיט ער אים אין זייט יענעם אמתן זעץ.

„ווילסט מיטפאָרן מיט אונז יונה בן גץ?
מיר שיפן קיין תרשיש אינם לאַנד פון גאָלד".
ווי אויף אַ זעאונג קוקט יונה פאַרתמט:
„יאָ, ברודער טייערער כ'וואָלט טאַקע געוואָלט" — — —
„העי, ר'איז גאָרנישט אַזאַ תם ווי ר'מאַכט זיך,
דאָס וואָס אַלע ווילן האָט יונה אויך האָלד!!

„יונה, וועסט ס'טייבל דיינס גיסן פון גאָלד,
וועט עס אין הימל נישט אַרויפליען מער,
העי וואַקסט אַ נייער קורח ביי יידן" — — — —
און אופן שיף דער קאַפּיטאַן, ווי אַ בער
שטעקט אויס אַ לאַפּע: „יונה, ווילסט שווימען?
דאָס גאנצע געלד וואָס האָסט נאָר גיב אַהער — —"

גע'יונה'ט אַהין, גע'יונה'ט אַהער,
מ'שליידערט אים צום שפּאָס אין ים שוין אַריין:
ווי אויסגעדאַרט דאָס איז ווי פארשרומפּן
פאר וואלפיש צום פארבייס וועט עס נאָך גוט זיין!
און מיטאַמאָל אַ וויכער, אַ שטורעם
און אינמיטן חזק בלייבן חברה שטיין — —

די גאנצע שיף ברעכט צוזאַם אין געוויין,
און זיינע אויגן, יונה, אויפעפנט גרויס — — — —
איז עס זיין בלאנקער בליק, איז עס שרעק?

אַלע אַרום אים אויף די קני שרייען אויס:
„בעט ביי דיין גאָט, יונה, הייליקער דו,
ס'קאָן אונז ראַטעווען איצט נאָר זיין רחמים בלויז!"

„רחמים, דו אויך, דו ריזיקער מאַטראָויז?"
און העכער ווי דער וויכער לאַכט יונה אויף:
„אין גאָלד־לאַנד, אין גען־לאַנד מיך צו ברענגען,
דערויף האָב איך דאָך געגעבן מיין אַדרויף,
פירט דאָך אויס מיט מיר דיין שפּאַס, דעם לעצטן,
און מיר זיינען קוויט, אויסגעגלייכט מיטן חוב.

„איך, שוואַכער ייד, פון רחמים־גאָט אַנטלויף,
און איר מאַטראָסן־ריזן בעט ביי אים גנאָד?
גיכער מיט די גורל־ביינדלעך אַרויס — — —
און אויסגעשטעלט זיך געשווינד אין עגול־ראָד!
פאַר די וואַלפיש וואַרפט אַריין דעם „פאַרברייס" —
יעדעס וואָרט נאָך, וואָס איר וואַרפט אַרויס, אַ שאָד" —
— — — — — — — — — — — — — — —

נישט געקניט האָט יונה פאַר גאָט פון גנאָד,
ווען געמאַכט זיי האָבן שפּאַס, ער פאַרטראַכט;
דער ברויזנדיקער ים, ווי אַ וואַלפיש,
האָט אָן אויפגעריסן מויל, גרויס אויפגעמאַכט,
פון תהומיקן ים־קעל, אַ קול אַרויס,
מיט טויזנט וועלן האָט יונה אויפגעלאַכט.

3

דריי טעג און דריי נעכט אויפן דנאָ פון ים
האָט עס ברויזנדיק געקאָכט און געזידט,
נישט אַ מענטש האָט אַ וואַלפיש פאַרשלונגען —
אַ שפּיצקן האַקן פון אייזן געשמידט.

שטעקט דער וואַלפיש דעם קאָפּ פון ים אַרויס
און כאַרכלט פון האַלדז דאָס שטעכיקע געוואַרג —
אַ פליענדיגער פייל פון אַ בויגן
אין צילנדיקער פונקט — ננוה, מיטן מאַרק!

שטייט יונה אַ פֿאַרתּמטער מטושטוש,
ניט פֿון דעם ווונדער וואָס מיט אים ס׳איז געשען,
נאָר פֿון דעם ווילדן געהעץ אַרום אים,
פֿון דעם משוגעת וואָס זייבע אויגן זען:

שווערע אָקסן מיט באַגילדטע הערנער,
מיט פּערל־שנירן און דימאַנטן באַהענגט;
מענטשן ווי פֿערד אין וועגענער געשפּאַנט,
טריפֿנדיקער שווייס זייערע ווונדן שווענקט — —

און ווי דער תּהום עפֿנט זיך זיין מויל:
„נאָך אין פֿערציק טעג וועט נינווה אונטערגיין!"
נישט אַ קול האָט פֿון אים אַרויסגערעדט,
פֿאַרביטערטער צאָרן און יאָמער געוויין

האָט ווי אַ שטורעם געיאָגט איבער שטאָט,
און וועמענס אויער נאָר די ווערטער דערהערט,
אַ טויט־דערציטערטער אויף די קני פֿאַלט,
רייסט דאָס קלייד פֿון לייב, נישט זינדיקן מער, שווערט — —

אַרויס אַנטלאָפֿן איז יונה פֿון שטאָט,
נאָך געשווינדער ווי דער וויכער אַזוי גיך,
נישט ווייל אומקומען מיט זיי נישט געוואָלט —
נבזהדיקער ווי זינד איז דאָס חרטה־געקריך!

און ווען אינם פֿערציקסטן טאָג געזען,
נינווה די שטאָט געבליבן שטיין אויף איר אָרט,
האָט ער צווישן קריציקע ציין זייבע,
ווי אין קרישלדיקן שטיין געקריצט זיין וואָרט:

ווי דער מענטש אפֿנים אַזוי זיין גאָט —
אַ ציענדיקע שיף מיט זעגל אין ווינט!
עס איז אים נמאס אַ לעבן אַזאַ,
כוואַליק געוואַקל צווישן מחילה און זינד.

אַז ווי אַזוי קאָן אַמאָל אויפֿהערן
גנבֿה, גזלה און נאוף און מאָרד,
אַז די האַנט וואָס טהוט דאָס אַלצדינג, ברויך קוים
אין הארצן זיך קלאַפּן מיט פֿרעפֿלדיק וואָרט;

דעם געמאָרדעטן נאָר פֿארברענען בלויז,
דאָס אַש יענעמס זיך שיטן נאָך איבערן קאָפּ,
מיט לייוונט־זעק שאַנד־לענדן זיך פֿאַרבינדן,
און מיט רחמים קוקט גאָט אויף אים שוין אַראָפּ.

פֿון אַ גאָט אַזאַ וויל ער נישט וויסן,
און נישט פֿון זיין כוואַליקן וואַקליקן וואָרט!
אַרויסרייסן פֿון הארצן וועט ער אים,
אַן אַנקער וואָס שיף ציט אָפּ פֿונם פּאָרט.

4

„יונה, יונה — —‟ און אַלץ שטילער דאָס קול
„יונה הערסט נישט דעם צער פֿון מיין רוף אַרויס?
גרויזאמער פֿון גרומצארן איז רחמים — — —‟
און יונה, ער דרייט צומאָל דעם קאָפּ נישט אויס,
ס׳דוכט זיך אים ס׳איז יענער מאַטראָזן־ריז,
וואָס האלט אין איין „יונה׳ן‟ און חוזקן בלויז.

גייט עס גאָט אין לעבן, ווי אַ מענטשן,
אַ געראָכטער צו זיין און אַ גוטער דערצו?
נו, מילא, ער איז דאָך אַ כל־יכול,
ווער ווייסט זיינע וועגן, צו וואָס, ווען און ווו?
משפּט, זיי מוחל, טו וואָס דיר זיך גלוסט,
נאָר מיך, יונה׳ן, דעם פּישער, לאָז שוין צורו.

ער, יונה, ברויך זיך נישט צו באַהאַלטן,
וואָס מען האָט אים געהייסן האָט ער געמאכט.
ער יונה ברויך זיך נישט פֿאַרענטפֿערן,
זיצט ער אין בלוטיקער מחשבה פֿארשמאכט —
אַ פֿיש, אַן אָפּגעריסענער פֿון שטריק,
אין די געדערים הער שארפֿער האקן שטאַכט.

נישט צווישן צווייגן זוכט גאָט אים אַרום —
אַז צומאָל דאָס איינציקע בלאט איבער קאָפּ
האָט זון ווי אַ וואָרעם אָפּגעביסן!
אין זיין הארץ הערט ער אים אַרויף און אַראָפּ,
און דאָס געפּליסטער נישט ווי פֿון בלעטער —
אַ גייענדיקער ים וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ:

— ביסט גערעכט, דו, יונה בן אמתי,
רחמים הייסט פון זיך אַליין מאכן די העץ,
דעם קריכער לאָזן זיך קריכן אויפן קאָפּ!
דעם געכאפּטן העכט אַרויסלאָזן פון נעץ — — —
אָבער צי וויל איך וועמענען פאנגען,
צי בין איך דען אַ מענטש, צי צומאָל אַ געץ?

זע, וואָרט קאָן זיין פון אייזן געגאָסן,
קיינמאָל נישט צו צעברעכן אַזוי שטארק און פעסט;
אָבער ס׳ווערט דער געץ פון אייגענעם איך,
און אויף טויט און לעבן צו גיין אין פארמעסט!
אַ וואָרט קאָן ווערן ערלעך און געטריי,
אַ טייבל אַזוינס געוואוינט צו איר נעסט — — — —

ווי אין דיין גערעכטן הארצן אצינד,
טיף אין יעטוועדן הארץ פארוויקלט איך בין —
אָ, דאָס געצאַפּל אין יעדן איינעם! —
רייסט עס זיך ווי פאָדים פונם נעץ געשפּין — — — —
און ווי דער ים צווישן שטורעם און שטיל
וואַקל איך תמיד צווישן רחמים און דין!

אַז נישט אויף די מענטשן־קינדער, יונה,
האָב דאָך, מיט מיר, מיט דעם גאָט דיינעם מיטלייד —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האָט יונה זיין קאָפּ נישט אויפגעהויבן,
זיין אויפגעריסענעם בליק נישט אויסגעדרייט;
אַ נעץ וואָס צערייסט זיך פון שווערן פאנג
איז זיין הארץ צעריסן אין גאָטס חסד־רייד.

* * *

הינטער נינוה די שטאָט שטייט אַ פעלדזן,
ווי אַ מענטש פונקט די גרויס און פון צער צעוויינט —
אינמיטן גאָטס רחמנות־רייד צו אים,
איז יונה אַזוי שטיינגעבליבן פאַרשטיינט.

מיט משה׳ן האָט גאָט אין קוש זיך פאראיינט,
ווייסט קיינער נישט ווו זיין קבר זיך געפינט;
פון גאָט׳ס טרערן ביי יונה׳ס טויט — אַ קוואַל,
פון אַ שטיין לעבעדיק וואַסער אייביק רינט.

זאנפט איז די וועל, ווי ליפּלעך פון אַ קינד,
טאָג ווי נאַכט ליבלעך מורמלט זי אָנאויפהער ;
דעם וועג דאָ אַהער געפינט נאָר יענער,
וועם ערלעך זיין בלויז איז זיין איינציק באַגער — —

אָבער צי האָט שוין אַהערגעפונען ווער ?

# הושע

(וואַריאַציע)

ניִשט קיין אָרט מער צווישן מענטשן ער געפינט,
נאָר בייזקייט און ליגנט לייענט ער פון יעדן אויג,
דער קלאַנג פון זייער וואָרט געשפּאָלטן און הויל,
חניפה און כיטרע יעדער הכנעה־פאַרבויג.

ס'איז די גאַנצע שטאָט איין סאַרפּנדיקע קייט,
פון גניבה גזילה שקר און אומרעכט;
מיט כוח גייט דער שטאַרקער מיט פּאַלטש דער שוואַכער,
און ס'איז דער כהן פונם קעניג דער לייב־קנעכט.

אויף אויסגעלאָסענע פיס שטייט גאַנצע שטאָט!
אַ באַהאַלטענער בית־זונות ס'איז יעדעס הויז!
און אין בית־המקדש קומט מען זיך באַווייזן,
וועמענס זונה, אויסגעצירטער, זעט בעסער אויס.

זאָט איז די שטאָט, אַ גאָלד־געגאָסענער געץ!
און דער נביא, ווי מיט ביינדלעך, שפּילט זיך מיט רייד!
ניִשט קיין רו דאָ ער וועט שוין געפינען מער,
אָפּ־רייסט־זיך זיין הארץ ווי פון סאַרפּנדיקער קייט.

און ווען פון שטאָט אַרויס אַן אַנטלאָפענער, —
אַ משוגענער הונט צו פאַרקריכן זיך אין אַ הייל, —
נישט גאָטס ווערטער שפּירט ער טריפן פון זיין מויל,
עס סלינען זיינע לעפצן מיט גיפטיק געהייל.

תאוהדיק וואָסערט זיין מויל בלוטיקע רייד,
שאַרפע מעסער שפּיצן בליצן זיי פון זיין בליק,
אַ פאַרביטערטער פאַרבייסט ער די ליפּן,
דעם גיפט אין בלוט אַריין צו שפּריצן זיך צוריק.

נישט שטראָפן דעם מענטש, נישט אים אויסצובעסערן,
תּאוהדיקע ביטערקייט ברענט זיין אינגעווייד !
אַ פלעדערמויז פאַרקאַלטנט אין זיין באָרד —
צעפלוידערט זיין מויל שוואַרץ צעפּלאַטערט מיט רייד :

„גנב און גזלן און שקרן ס'איז דער מענטש,
אַ גיפט־מישער דער כהן מישנדיק גאָטס בלוט,
און טלית פון תכלת, וואָס דער שופט טראָגט,
צוצודעקן דאָס אומווערדיקע וואָס ער טוט.

„אָ, אזא מין שטאָט וואָס גייט זי אים נאָך אָן ?
זאָל זי דאָך אונטערגיין אין איר אייגענעם שמוץ !
אלצדינג איז מסחר אויף וואָגשאָל פון נואף,
גאָלדשטיקלעך איז צעקלונגען זייער גוטס.

„אזעלכע מענטשן, וואס גייען אים אן נאָך ?
ביליק געשניצטע געטשקעס פון פאַרפּוילטן האָלץ !
לויטן זאלב־ריח פון די געשמירטע לייבער,
הייבן זיי די נעזער זייערע הויך און שטאָלץ.

„אז הייליקער איז דאך שוין די זונה אין שענק,
וואָס פארקויפט אָפן איר לייב פאַרן ביסן ברויט,
איז נישט דער פורפור־זייד, וואָס פאַרדעקט די שאנד,
אָנגעזאַפּט מיט בלוט פון עלנדקייט און נויט — — — —“

און ווען אויסער דער שטאָט, אין הינטער־געסל,
ביים פראָסטן פאָלק זיצן ער בלייבט אין שענק ביים וויין,
צעפינקלען זיינע אויגן בעכערס צוויי פולע,
מיט בלוטיקן צאָרן שוימיק איבערצוגיין :

קעבס־ווייב אויף שויס, גלאָז אין האנט זיצן זיי דאָ,
און אין דער היים פרוי און קינד הונגעריק אויסגיין,
אז פאַרדינסט פון מאָרגן פאַרטרונקן שוין היינט,
איז דאָס לעבן פאַרמשכנט ביים שטן אַליין !

און ווי קאָן דאָס אַנדערש זיין, אַנדערש ווערן,
אַז דאָס איז דאָס פאָלק — — — פאַרציט זיך ביטער זיין מויל,
און זיין פנים אַ געגאַרבטער פאַרמעט פעל,
יעטווידער פאלט צעשריבן פון גיפטיקן גרויל.

אַ פולער לאָגל אין טונקלען ווינקל דאָ,
איז פארצויגן זיין האלז אַ פולער מיט געוויין;
אַז נישט אויסשרייען די ווערטער פון אים,
ווי אַ משוגע־הונט — די צונג צווישן די ציין —

פון האַנט צו האַנט קלינגען פריידיק די גלעזער,
פול איז דאָס ווייַן־הויז מיט תאווה און מיט געזאַנג,
צו זיין קני שאַרט זיך צו האלב נאַקעט אַ פרוי,
און קוקט אויף אים נישט מיט אויגן — מיט ציין־געבלאַנק!

ווי זי קוקט דאָס אים אַדורך, ביז טיף אויפן דנאָ,
מיט אירע ציין זי וואָלט אים געשפאָלטן אויף צוויי!
און פון זיינע אויגן קוקנדיק אויף איר,
ווי אויסגערונען ס׳וואָלט פון אים זיין גאַנצער ווײי.

איר קול ווי ס׳גיסט זיך איבער זיין ביטער הארץ,
זיסער האָניק ס׳וואָלט פון אירע ליפּן געטריפט!
שווערע גין־גאָלד טראָפּן פון לויטערן קלאַנג,
וואָלטן געזונקן אין אים אלץ טיפער פארטיפט:

„. . . נישט פון אונז דאָ, דו ביזט איינער פון אויבן,
ס׳זייַנען פארלאָפּן דיינע אויגן נישט פון ווײן;
אַז לעבן עס וויל דער נידריקער מענטש,
מוז ער שוין אַ שלעכטיקייט אין לעבן באַגיין.

„דו, נישט בעסער מיר קאָנען מאכן די וועלט,
ווי גאָט האָט זי באשאַפן זי איז גוט אַזוי:
וויפיל בייזע ענווים עס איז דאָ אין איר,
אַזויפיל מער תענוגים עס טראָגט אין זיך די פרוי.

„די בייזע ביטערקייט פון דיינע ליפּן,
כ׳וועל זיי אויסקושן מיט די זיסקייט פון מיין מויל,
און ווען דיין קינד וועט צאַפּלען אונטער מיין הארץ,
וועט ארויס פון דיינעם דער צאַפּלדיקער גרויל.

„אַ פראָסטע פרוי איך בין און ווייס עס גענוי:
ברויך מען דען בעסער מאכן וואָס גאָט האָט געמאכט?"
און ווען איר קאָפּ איז אין זיין שויס געזונקען,
האָט ווי אַ לאַך־טויב זיין הארץ פריידיק אויפגעלאכט:

„איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק,
איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר מיט רעכט און גנאָד,
און ווי גאָט האָט ליב די קינדער פון ישׂראל,
וועל איך דורך דיר ליב קריגן דעם מענטש און די שטאָט.

„אויף דיינע ליפּן וועל איך וועגן דאָס וואָרט,
אין דיין לייב וועט לעבעדיק ווערן מיין געפיל,
און אויף וויפיל דער מענטש קאָן עס דערטראָגן,
מיט לייב און לעבן דערפאַר צו ראַנגלען — מיין ציל.

„אָ, ס׳קאָן אויך גערעכטיקייט ווערן אַ געץ,
אַ בעל תּאווה־רוצח ווער עס דינט דערצו!
יאָ, נישט בעסער מיר קאָנען מאַכן די וועלט,
אָבער הייליק פּראָסט ווערן ווי דאָס פאָלק, ווי דו.

„זע, ווי אַ קינד אונטער לעפעלע פון האַרץ,
צעוואַקסט אַ וואָרט אין מיר, ווערט לעבעדיק און גרויס —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
אַ פולער בעכער האָט לבֿנה געהאָנגען,
ווען די לעצטע פון ווייןֿ־הויז זיי זייַנען אַרויס.

אָנגעגאָסענע מיט ליבשאַפט און מיט פרייד,
ווינקן די שטערן מיט גיין־גאָלד צעבלינקטן ווינק;
האַלט אַ פרוי אים נ׳אָרעם, אָדער אַ מלאך?
באַפליגלט, צי באַרוישט, טרעט זיין שריט אזוי גרינג?

אין טול־שלייערס זיידענע, ליכטיק בלויע,
אַן איינגעהילטע כלה, שטייט שטיל די שטאָט,
און זיין האַרץ צו איר, אַן איבערגייענדיקס,
פול מיט רחמים, מיט דערבאַרמונג און מיט גענאָד.

# יהודית
(באַלאַדע)

1

שוין גרייטן זיך אַלע צום אונטערגעבן,
דער מיט פּראַט און דער מיט אייגן לעבן;
הינטערן רוקן עס הערט שוין אַ יעדער,
דאָס שפּאָט־געלעכטער פון בלוטיקן שונא,
ווי פון זיין רייטוואָגן די שווערע רעדער.

קניענדיק איבער די אייגענע שפּיזן,
פאַלן פאַרבלוטיקטע די שטאַרקסטע ריזן!
פול איז די שטאָט מיט טויט און מיט אימה — —
נאָר צווישן הונגער־און דאַרשט פאַרחלומטע,
שאַרן זיך פּיס-טריט, וווּנדערלעך געהיימע.

אַ משוגענע, אייגן קינד אויפגעגעסן,
איז זי איצט פון בייזע רוחות באַזעסן?
ווי פייערדיק עס פינקלען אירע אויגן —
פאַרגיפטיקטע פיילן, שאַרפע געשפּיצטע,
אין צילפּונקט געשליידערט פון אַ בויגן.

ווי שטאָלץ זי גייט, ווי געשפּאַנט אַנגעצויגן,
אַן אַדער שטייף איבער אַ פיילנבויגן,
אַ סטראַיענדיקע סטרונע איבער אַ האַרפע,
צו שווועבנדיקן טאַנץ, צו געהויבענעם,
איבער שליפן פון שווערדן, בלאַנקע שאַרפע.

נישט זי גייט — אירע טריט, צעוויגט, צעטאַנצטע!
שווערד־קלינגען, געשליפענע צעגלאַנצטע,
בלאַנקען אירע פערשט אין בלוטיקן דעמער — —
יאָ, זי וועט זיגן מיט איר צעזינגטן גאַנג:
די זון גייט אַקייגן אַ פולער עמער —

זון פארגייט, אבער ווידער וועט זי שיינען!
אָ, מיינע אויגן פולע מיט געווייגען
ווי זיי ליכטיקן, ווי זוניק זיי גלאַנצן — —
גאָט, אַז געאייבּיקט דיין נאָמען זאָל בלייבן,
נישט פאַרטיליקן אונז קענסט דו אינגאַנצן.

גאָט, ביזט דו נישט די זון און מיר דיין שאָטן,
דערפאַר פון אַלע אויף דער ערד געטראָטן?
ווי עס טאַנצן מיינע פיס דיר אַנטקעגן:
אַז אייביק פאַרוואָרצלט ס׳זאָל בלייבן דער בוים
מוזן וועלק־בלעטער פאַלן פון די צווייגן — —

אַ, מיין הארץ פול מיט צוקנדיקע בליצן,
מיט לעצטן טאַנץ פון „כלו כל הקיצין"!
אַ וועלק־בלעטל פון ווירבּל־ווינט פאַרטראָגן,
טאַנץ איך איבער צעשטויבטן אונזער לעבן — —
זע, מיינע ליפּן זאַפטיקן מיט זאָגן:

„דאָס פאָלק — אָבער נישט גאָט קאָן מען באַזיגן!
אַ קינד אין טראַכט אין מיין לייב כ׳טו אים וויגן;
קאָן ווער אין הארץ די ליבשאַפט פאַרטיליקן?
האַלאַפּאַרנעס, גאָטס בלוטיקע שווערד דו ביזט,
די קלינג בלויז, זיין ווילן צו באַוויליקן.

„נישט זעאונגען, נישט שטראָף רייד, נישט וואָר־זאָגן,
מיט מיין בויך־טאַנץ האָב איך גאָט אויסגעטראָגן!
אַ נביאהטע איך בין, האַלאַפּאַרנעס,
ווי ווערטער רייסן זיך פון מיר שווערדן־טאַנץ,
מיט מיינע שריט צו דיר כ׳בין געוואָרן עס — — — — "

2

אין זייער פאַרצווייפלונג, אין זייער טרויער,
דעם שאָטן אַרויסשלייכן פונם טויער,
האָבן נישט געזען די יידישע וועכטער,
און נישט די שונאים, די זיג־צעטומלטע,
וואַקלדיקע פון שכרות און געלעכטער.

אין פאלדן פון נאכט א צעטאנצטן שאטן,
איז גארנישט פארווערט און גארנישט פארבאטן,
ער שוועבט פארביי נאכגלאָצנדיקע בליקן,
זיך וויגנדיק אויף פליגל פון געזאנגען,
לייכט באגלייטנדיק פון לויטער ענטציקן.

ס׳ציטערט אין איר יעדער ריר, יעדע תנועה —
מיט אזא טאָנץ האָט מרים הנביאה
די גאנצע אומה מיט זיך מיטגעריסן!
ווי אומענדלעך ס׳שטרעקן זיך אירע גלידער —
האָט זיך נישט גאָט צו איר אצינד באַוויזן?

און אזוי ביז האלאָפארנעס געצעלטן!
פארן אַריינגאנג, דעם פאקל צעהעלטן,
מיטן אַ „פּאָזע“ איז זי שטיינגעבליבן — — —
און ער אויף געלעגער שוין איינשלאָפנדיק,
האָט ווי אַ טרוים פון אויג זיך אויסגעריבן,

און מיט אָפענעם בליק ווייטער געשלאָפן:
פון אַ שייד אַרויס ווו עס שטייט זיין וואָפן,
זי ציט אים ארויס צום טאנץ פון די שווערטן — —
ווי וואַליק וויידך וואַקלט שוועב פון איר לייב,
איר שריט — אַ כלה וואָס גייט צום באשערטן —

— — — — — — — — — — — — — — —

און ווען זיין קאפּ, אן אָפּגעהאַקטן, קאַלטן,
אין אירע הענט זי האט אים שוין געהאלטן,
האָט האָלאָפאָרנעס בליק פארחלומט אָפן,
געקוקט אלץ אויף איר מיט זיסן ענטציקן:
אזא שיינקייט האט ווער ווען שוין געטראָפן?

אירע אויגן באַחנטע, ווילד צעשיינטע,
מיט גאטס בלאנקע שווערד א בלוטיק פעראייניטע!
און ווי מיט א טעבנצער אַרומגענומען,
זיין קאָפּ אויף אַקסל פארחלומט צעשמייכלט,
אַ צעזינגטע אין שטאט צוריקגעקומען:

„בישט גוט געהיטן די טוירן, איר וועכטער,
ווען יהודית, איינע פון איירע טעכטער,

ארויס איז איר געליבטן אויפצווזוכן — — —
כ׳האב אים געפונען, דעם וואָס מיין הארץ האט ליב !
אָ, שטארק ווי די ליבע איז דער נצחון — — —

„אַ מאמע, וואָס האט איר קינד אויפגעגעסן,
בין איך איצט פון בייזע רוחות באזעסן״ !
און ווען גאנצע שטאט אן אויפגעציטערטע,
פון נצחון־פרייד און טאנץ־קאראהאדן,
שעפטשען שטיל אירע ליפן פארביטערטע :

„נישט אַ נביאהטע כ׳בין, האָלאָפאָרנעס,
נישט יעל — דבורה איז געווארן עס !
נישט גאטס בליק — דיינע פארחלומטע אויגן
וועלן אייביק איבער מיר בלייבן אפן,
ווי איך — איבער דיין קאפ בלוטיק געבויגן״.

# די ווידוי פון ירמיהו הנביא

(די זעאונג־באַלאַדע)

„ועתה שמע נא אדני המלך תפל נא תחנתי לפניך ואל תשבני בית יונתן הספר ולא אמות שם". (ירמיהו לז כ).

„האומר דבר בשם אמרו מביא גאולה לעולם" — תלמוד.

נאָכדעם ווי זיי האָבן אים אין זיין הייל פאַרשטייניקט,
אונטער דער קופּע ליגן ער איז געבליבן,
איז פאַר זיין בליק געשטאַנען ברוך בן נריה,
און זיין נאָמען אויף די שטיינער אויפגעשריבן ;

נישט אים פאַרשטייניקט האָבן זיי — איבער זיין קבר
אַ שטיינערנע מצבה צונויפגעקליבן.

איז ער דען נישט אַ נביא אין ישראל, אַ זעער,
און אַלצדינג וואָס ס'קומט, אַנצוטאַפּן מיט די אויגן ?
זעט ער זיך אַליין אַצינד, אין סוף פון זיינע טעג,
אַ בר־מנן אינם קבר אויסגעצויגן ;

די מצבה־קופּע איבער אים צונויפצעוואָרפן,
זיינען די שטיינער איבער זיין קאָפּ געפלויגן.

האָבן זיך די פאַלדן פון זיין פּנים אויסגעגלייכט,
אויסגעגלעט די קנייטשן אויף זיין הויכן שטערן,
די פרייד אויף זיינע ליפּן האָט גענומען שוועבן —
אויף שלאָגנדיקן קוואַל אויפגייט דער מאָרגנשטערן ;

ווי תמיד ווען ברוך פאַר אים איז געשטאַנען,
צום געטריף פון זיינע רייד זיך איינצוהערן :

„ברוך בן נר, נישט קיין ווידוי, נישט קיין צוואה
ווייען לעצטע מיינע ווערטער פאַרן שטאַרבן —
קערנער געווינדשאָוולטע, קלאָר־אויסגעקליבענע,
זוניק אויפצוגיין אין געבונדענע גאַרבן ;

„זע כ׳בין אַ זעער שוין געווען אין מיין מאַמעס טראַכט,
ווען ס׳וועט זיין מיין בליק צודעקן שטיקלעך שאַרבן.

„אַז אַזעלכע הענט ווי דיינע, ליכטיק געבענטשטע,
וועלן זיי אויף מיינע טויטע אויגן לייגן,
וועלן מיינע ווערטער זיין אייביק־צעשעפּטשעטע,
ווי אייביק טויטע ליפּן אין קבר שווייגן;

„נישט קיין זייל פון מירמלשטיין וועט שווערן מיין קבר —
מיין לעבן אַ צעבלעטערטער בוים פיל צווייגן!

„ברוך בן נר, וואָס וואָלט דען מיין נבואה געווען,
אַ ליכטיקן אַזאַ כ׳וואָלט דיך נישט געפונען?
מיט דיין זאַמד געשיט, אויסצוטריקענען דאָס געשריפטס,
וואָלטן אַלע מיינע רייד אין זאַמד צערונען;

„צעבראָכענע שטיקלעך שאַרבן אויף מיינע אויגן
פון מיינע טעג די אויפגעגאַנגענע זונען.

„זע, אַ פאַרצערטער ווי איך, קען קיין צורת אות נישט
און דאָך אַזויפיל רייד אויף זיין נאָמען פאַרשריבן,
אַ וואָר־צייכן, אמת וועט ווערן די נבואה,
צוריקקערן וועלן די וואָס ווערן פארטריבן;

„אָ, אַז אַזוינער ווי דו, ברוך בן נריה,
צווישן אונזער פאָלק ס׳איז נאָך איינער פאַרבליבן!

„ווי דאָס גאָלד פון בוזעם אַרויס די זונה ביים שכור,
שעפּטשענדיק אים אין אויער פון פריינטשאַפט און ליבן,
אַזוי פאַרבאָרגנסטע געהאַנק פון האַרצן אַרויס,
פון די נאָנסטע, אָנגעלענטע מיט זיי במסובין;

„ווייל ווי וואָנעס אַרום נבילה, אַרום מיין נבואה,
האָבן זיך די סופרים אַרום מיר פאַרקליבן;

„שלעכטע רייד העמלט האָבן געקוואָלן אין מיין קעל,
פון מיינע ליפּן געשווימט האָט עס מיט צאָרן;
אַרום מיר געזען זיי, שנאָבלדיק אַזוי זיצן,
אַליין אַ קראַקנדיקע קרא גאָר געוואָרן —

„פון יענע קונציקע, קלוג־קאָסאָקאָ בליקן,
געליינט ווי פון פּאַלנדיקע מעטעאָרן:

„אַז אַזוי נידריק געפאַלן ס׳קאָן ווערן אַ פאָלק,
נאָר צו כיטרע חניפה־רייד זיך צו צוהערן,
דאָס געוויכט פון וואָרט נישט אָפּוועגט ווי גאָלד־קלאַנג,
דער גאַנג פון אַזאַ פאָלק מוז געשטרויכלט ווערן — — —

„נישט פון די הימלישע מזלות כ׳האָב געלעזן,
פון זייערע קופּערנע צעגלאַנצטע שטערן.

„יענער פאַלטשער בליק פון דעם יונתן הסופר,
ערגער ר׳איז געווען ווי דעם טויט צו דערטראָגן;
נישט צו מיינע נבואה־רייד זיך צו צוהערן,
דעם זאַפט פון מיינע ווערטער נאָך אויסצוזאָגן — — —

„אויף אייביק וואָלט ישראל געבליבן אַ מדבר,
און איך דער שאַקאַל וואָס הערט נישט אויף צו קלאָגן!

„ווי פלאַמיקער מולך אַלצדינג צו פאַרפלאַקערן,
איז גליענדיקער בליק פול קנאה־באַגערן — — —
ברוך בן נריה ווען נישט דיין ליכטיק־געבענטשטער בליק,
וואָס געליינט אין אים ווי אינם מאַרגנשטערן — — —

„די ווילדע, וויסטע קללה, גיפטיק שוין אויף מיין צונג,
אין אַ ברכה דעמלט פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן —

„ווי רובינען צו אַ דיאַדעם, פערל פאַר קרוין
האָסט דו פון מיין מויל אַרויס ווערטער געקליבן,
צווייַ העמערלעך אין טאַקט, ווען זיי העמערן גין־גאָלד,
אונזערע הערצער, ווען גאָטס וואָרט האָסט פאַרשריבן —

„דער גין גאָלד אויפגעגאַנגענער, מזל־תאומים,
איבער די זילבער־כוכבי־לכת, די זיבן — — — — — — — — — — — —״

און פלוצלונג, אַ שטערן וואָס פאַלט ראַפּטום אַרונטער,
איז ער אויפאיינמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן:
חרוב ס׳לאַנד, ס׳פאָלק פאַרטריבן און אויף זיין צונג גאָטס וואָרט,
וואָרקנדיקע טייבלעך אויפגעטאַנצט צום פאָרן — — —

און איבער זיך אַליין, איבער זיין האָפערדיקייט,
אויפגעגאַנגען אין אים לצנישער צאָרן:

אַ נביא, אַן איש אלהים איך וואָלט געווען,
פון נביאי שקר מיך אונטערצושיידן,
„ואם אין מחני‟, ווי משה אויסגעשריגן,
נאָר דעם חורבן וואָס געקומען אויסצומיידן —

איידער דער „נביא לגויים‟ אַצינד צו בלייבן,
גלייכער געווען די צונג פון קעל אויסצושניידן — — — —

אויסגעשטאָכענע אויגן ס׳מוז שוין אַ זוינער האָבן,
קוקן אין פנים פון פאָלק, אין זיינע ליידן,
זיינע ביטערע יסורים און פיין צו זען
און פון אַ גאָט־געררעכטן משפט צו ריידן — — — — — — — — — — — — —

נישט קין קול מער צו הערן, נישט קיין געכאָרכל —
אַ געהייל פון אַ שאַקאַל אין מדבר סיידן:

„אוודאי איז עס אַ ווידוי, כ׳ליג דאָך אין שטאַרבן,
אַ נביא און אַ בן אדם בלויז געבליבן — — — —
נישט אין גאָטס וואָרט — ס׳איז מיר געגאַנגען אין מיין נאָמען,
איבער מיינע רייד כ׳זאָל אים זען אויפגעשריבן — — — —

„יאָ, צוריקקערן וועט דאָס פאָלק, דאָס הייליקע,
ווייל נאָר אין מיין זינד ווערט עס אַצינד פאַרטריבן — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

זיינע אויגן זעען נאָך אַלץ ברוך בן נריה,
כאָטש ס׳האַרץ זיינס האָט זיך שוין קיין ריר נישט מער געגעבן,
און איבער זיינע ליפן־טויט־בלאַסע, פאַרביסענע,
האָט שטראַליקע פרייד נישט אויפגעהערט צו שוועבן:

ווי דער הימל, ווי די זון און די שטערן, ווי גאָט,
זיין וואָרט און זיין פאָלק אייביק זיי ווען לעבן.

# של מטה

„כל התחלות קשות״! און דאָס שווערסטע און נאָך שווערער,
אַז אתחלתא דגאולה שוין אַ סימן בלויז מערער — —
און מוז דער „ככל הגויים״ צו גאולה געהערן,
ווי „אַ קלאַמקע צו אַ טיר״, צו מלוכה—געווערן!
וועט יעדער „גוי״ אַ פאַרשטעלטער אליהו ווערן,

און נישט מיט בלוטיקער האַק, אַ קנאי, אַ בייזער —
אַ גלותדיק־גוטער פון אַלדעס־בייז, דער דערלייזער.

# ירושלים

װאָלט לײַכט געװען דיך צו דערגרײַכן,
עס װאָלט דאָך בלױז געװען נאָר אַ צײַכן,
אַז דער װערט דײַנער איז גאָרנישט אַזױ גרױס ;
דאָס טײַערסטע װילן אַלע באַזיצן,
אָבער װאָס מיט לעבן מ׳טוט באַשיצן,
אַז טײַער ס׳איז אײנעם, דער סימן ערשט בלױז.

װי די בערג אַרום דיר, אַ סך העכער,
עס האָבן די קױלער און די שטעכער,
מיט די הרוגים־בערג הױך דיך אױפגעבױט ;
אָבער אין אונזער האַרץ אײַנגעגראָבן,
אײביק דיך צו טראָגן, דיך צו האָבן,
מיט שטאַרקערס נאָך פונם לעבן און פון טױט.

ניט װאָס מיט ליפּן גרינג אַרױסצוזאָגן —
אין האַרצן נאָר דאָס אײביקע נאָגן,
און מיט טױזנט מעסערס אַ נאָמען זיך קריצט ;
און אױב גאָטס פּיס־בענקל דער ערד־קײַלעך,
ביזט דו, כּביכול װי פּאַר אַ מלך,
דער גין־גאָלד טראָן אױף װעלכן גאָט זיצט.

ניט דיך צו באַזיצן — דיך צו ליבן,
פון גאַנצער װעלט זיך צוזאַמגעקליבן,
שיצנדיקע װאָך אַרום טראָן איצט צו זײַן ;
אַ, אַז דער שטױב, פון װעג אונזער לאַנגען,
דעם זױם גאָטס מאַנטל שױן צו דערלאַנגען,
ס׳איז דאָס אַש פון אונזער פאַרקױלטן געבײן.

יאָ, גאָט אַלײן װעט זיך אַצינד בוקן,
אין דײַן שטױב קושנדיק אױפצוצוקן —
מ׳קושט אַ קינד שטױבעלעך פון אױגן אַרױס —

אויב ס׳וואָלט לייכט געווען דיך צו דערגרייכן,
עס וואָלט דאָך געווען בלויז א צייכן,
אַז דער ווערט דיינער איז גאָרנישט אַזוי גרויס — — — — —

## דאס ליד פון די שטיינהאקער אין ישראל

(צום זיבעטן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאנד)

אַז זיבן טאָג זיצט מען שבעה נאָך אַ טויטן,
איז זיבן יאָר נאָך פאָלק, נאָך אויסגעקוילעטן ;
אַ סך־הכל זיבעציק יאָר לעבט מען נאָר בלויז,
מוזן דאָך גענוג יאָרן איבערבלייבן נאָך,
אַ „פה נטמן" כאָטש צו קריצן, צו בולטן.

אַז אַ מצבה נאָך יעדן געשטאָרבענעם,
מוז מען דאָך נאָך קדושים אוודאי שטעלן !
איז ווו שטיינער אַזויפיל פאַר זעקס מיליאָנען ?
ס׳וועלן די ציון־בערג מיט גערטנער אויפבליען,
אויב די מצבות אויסהאקן דאָ מיר וועלן.

איז וואָס שנעלער אַצינד, וואָס פלינקער, וואָס גיכער,
און שפּיציקער דער דלאָט און שווערער דער האמער,
די אַלע „פה נטמנס" אויסקריצן צו קענען — —
אַז אַזויפיל געקוילעטע, פאַרטיליקטע,
און אַזוי ווייניק געבליבן פון גאַז־קאַמער.

און צי שטעלט מען דען בלויז אַ שטיין נאָך אַ קדוש —
אַן אוהל אויף זיין קבר שטעלט מען דאָך אויכעט !
איז וואָס שנעלער אַצינד, וואָס פלינקער, וואָס גיכער,
זעקס מיליאָן „ציונס" אויף דער ערד דאָ אויפשטעלן !
און דו, אין הימל, ווען וועסט דו זיין דער שופט ?

דיין „גזירה שהמת נשכח מן הלב" — —
אָבער צי קען מען אומשטערבלעכע פאַרגעסן ?
זע, נישט זון־צעהיצט מיר זיצן — טרערן־צעשוויצט !
און דו, דער שופט צדק, דער דיין אמת,
צום גערעכטן משפט נאָך אַלץ נישט געזעסן —
— — — — — — — — — — — — — — —

# ארורים רשעים שאין טובתם שלימה

„ארורים רשעים שאין טובתם שלימה״ !
אַ הונגעריקן הונט אַ ביין צוּוואַרפן,
אַ בלינדיקן אויף דער קייט אים צו האַלטן —
דעם ביין צוּמאַל, ווייל אַ הונט זיי באַדאַרפן !

זאָל ער אין ביין זיינע האַליקע ציין שאַרפן,
זיך רייצן מיט הונגעריקן ירגזון,
שטיין גרייט אַזוי אויף הינטערשטע לאַפּעס זיינע,
פון סאַרפּנדיקן קייט אים אָפּצולאָזן ;

ווען פון יעגער־טראָמפּייטן זיי וועלן בלאָזן,
זאָל ער, אַ יאַגד־הונט, אין פּאַנג זיך איינפליישן !
יאָ אַזאַ צוגעוואָרפענער הינטישער ביין,
דרעסירט בעסער ווי די קנאַליקסטע בייטשן — —

ס׳מלכות הזדון, די רשעים, די דייטשן — —
די וועלט אַליין שוין צו פאַרשטיין איז דאָך אַן אימה !
אין אַזאַ וואַרטנדיקן הונט צו פאַרוואַנדלען,
אַלץ ווילער ווי אין מענטש דעם מלא חימה.

„ארורים רשעים שאין טובתם שלימה״ —
זייער גוטסקייט פאַר די הינט אַרויסצוּוואַרפן !
זיי וועלנס דערשפּירן באַלד אין אייגענעם פלייש,
ווי האַרט דער ביין, ציין אין אים אויסצושאַרפן — —

צוויי טויזנט בייזע לאַנגע יאָר צו באַדאַרפן,
ביז ס׳וואַקסן אויס אַזעלכע פעסטע ציינער,
אַז שאַרפן זיך זיי אין אַזאַ האַרטן קנאָכן,
זאָל זיך נישט אויסברעכן פון זיי קיין איינער.

נישט נאָר אין אייער פלייש, אין אייערע ביינער
וועלן זיך אַריינבייסן טיף די ביסן — — — .
מסתמא אַזוי ערשט, מיט שן תחת שן, קאָן מען
דעם ריכטיק ייִדישלעכן טייטש זיך דערוויסן:

עס האָט נאָך קיין רשע, אויס בלויזן געוויסן,
אַ צווייטן אויף אַזויפיל עפּעס געגעבן,
מ׳מוז עס שוין נעמען פון אים, מיט ציין און נעגל,
און דער וואָס קען נישט, בלייבט זיין הונט ס׳גאַנצע לעבן . . .

## דאס חזקה-ליד פון די שארית הפליטה חלוצים

„צדקה עשה הקב״ה עם ישראל שפזרם בין האומות״

אויב צווישן די פעלקער מיר זאָלן לעבן,
פון גאָט געווען אַ געשענקטע צדקה . . .
איז ווילן מיר נישט מער, מוחל די טובה,
כאָטש אויף טויזנט יאָר — אָן הפסקה!

ווי לאַנג געווען ס׳איז אַ וואַרשע, ווילנע,
צי אַ לעמבערג, אַ קאָוונע, אַ קראָקע,
אָבער איצט אַז פאַרטיליקט שוין אַלע — — —
ווילן מיר נישט מער אָט די חזקה!

אפשר פאַר יענע עולי הגולה,
צוריקגעלאָפענע קיין מאַראָקע,
און פאַר די שיקער, — אַמעריקאַנער! —
אַ מחיה נאָך ס׳ביסעלע צדקה . . .

פאַר אונז אָבער, די שארית הפליטה,
פון וואַרשע, פון ווילנע, פון קראָקע,
זיינען די דריי יאָר מלכות ישראל,
געזעצלעך שוין די שני חזקה.

נישט קיין פעלקער־חזק ס׳איז ישראל,
ווי מיר נישט קיין נעמער פון צדקה!
מיט כוח ס׳לאַנד מיר האָבן גענומען,
און אוחז־ביד די בעסטע חזקה.

# חג העשור געזאנג

אַז איך שטיי דאָ מיט אַ שפּאָדיעל אין האַנט,
צעגראָב אונזער ערד פאַר ברויט און פאַר פלאַנץ,
און מיט די קינדער אין אַ האָראָ־טאַנץ,
אין חג־העשור פון אַן אייגן לאַנד,
אַ קינד פון מיין לייב, מיין בלוט און מיין פלייש — — —
גאָט, עס שטייט שטיל מיין מענטשלעכער פערשטאַנד !

אַז פון גאַז־קאַמער, קרעמאַטאָריום־פלאַם
אַן אַפּגעראַטעוועטער דאָ איך שטיי,
וועט דאָך פאַרשיקלאַפּטסטער ווערן אַמאָל פריי,
און צומאָל פיטערן זיך וועט צוזאַם,
ווי אינם חזיון פונם תורה,
דער רציחישסטער וואָלף מיט שטילסטן לאַם.

אינם פאַבל פון קרילאָוו, פון עזאָפּ
קאָן אַנדערש נישט ווערן, אַנדערש נישט זיין :
די שטאַרקייט מוז זיין שלעכט און געמיין,
אַזוי די חכמה אין חיהשן קאָפּ —
אַנדערש די לייבהאַפטיקע נביאים־רייד !
איך שפּיר זיי אין בלוט, אין יעדן טראָפּ.

זע, אַ געראַטעוועטער איך שטיי דאָ,
צוזאַם מיט די טאַנצנדיקע בערג כ׳טאַנץ,
אַ שאָף אַ תמימה אַן א פעלער גאַנץ ;
הערסט דאָס געטאַפּע פון אונזערע טלאָ ?
און צוזאַם מיט אונז זינגען מיט די וועלף,
דאָס שירה געזאַנג שוין : „כי גאה גאה״.

## „גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב"

איך האָב געזען, קרישלענדיק ברעקלענדיק,
ירושלים׳ס שטיינערנע מאַגנאַ קאַרטא,
דעם צעקנייטשטן שטערן רבי עמרם בלוי׳ס,
דעם פאַרביטערטסן פון די נטורי קרתא;

ליימיק געקאַנטן, אין אויוון געברענט, — —
פון ישעיהו׳ס צעבראָכענעם טאָפּ אַ שאַרבן?
אַ שטיק פון די צעבראָכענע לוחות?
אותיות ליינען זיך צווישן־שורות־קאַרבן — —

פון שטערן, דעם פעלזיק־פאַרשטיינערטן
פּאַפּירעניקאַוס, פאַרטיפט כ׳האָב אַרויסגעלעזן:
אויב נישט מיט ווערטער, מיט שורות פאַלטן
כאָטש פעסטהאַלטן דאָס היימישע וואָס געווען.

און זע איבער בן־גוריונס, געטעסעטן,
וואָס טוט זיך, גראַניטן, אַ קופּאָל אויפהייבן,
האָט גאָטס האַנט רחמימדיק אויפגעציטערט,
דעם „מנא מנא תקל" נישט אויפצושרייבן.

„גאָט פון אברהם"! גייען דריי שטערן אויף,
נעמען גאַנצע פלעיאַדעס גלאַנצן און שיינען!
און וואָס געווען און וואָס ס׳וועט קומען —
פון אותיות־געפינקל אַרויסצוליינען!

שמרי און ריוועס, פרידמאַן און בערלינסקי,
סוקצעסאָר און מאַן — — — ווער קאָן ציילן די שטערן,
וואָסער שפּע, וואָס פאַר אַ זשניווע עס וועט זיין
שניידן מיט געזאַנג, פאַרזייט אזוי מיט טרערן — — — —

און איז לעוו נישט אַ שטויבעלע אויך פון מילך־וועג ?
זע, ווען כ׳בין אין ירושלים געוועזן,
האָב איך פון רקודה פּאַטאַזש אויגן,
מיין גאַנץ שטעטעלע פון זיי אַרויסגעלעזן.

## דעם פּרעמיער פון ישראל, דוד בן-גוריון

אויב מיר וועלן ווידער אַ תנ״ך שרייבן,
ר׳וועט איינער פון די מלכים אין אים בלייבן,
און פון די גרעסטע גאָר וואָס מיר וועלן האָבן :
אַ מלוכה פון שטויב צו קענען אויפבויען,
און פון טרערן אַ הימל אויפצובלויען,
אַ באַפעלקערונג פון קברים אויסצוגראָבן —

אַ ייד פון גאָז אויוון איבערגעבליבן,
איבער ימים ווי אַ שפענדל געטריבן,
אַ ייד וואָס געציטערט פאַר אַ גוי׳ס גענעצן,
שטייט אַן אנגעגורטער אין כל־כלי־זיין,
זיין שמירה־פּאַראָל : „עין תחת עין״,
און באַוואַכט פון זיין אייגן לאַנד די גרענעצן.

זע, שבעה ימים־בלוט איז ער אַריבער,
און אַצינד שטייט ער אַ שמשון הגיבור,
און זיינע שאַרף־שפּענדיקע שוואַרצע אויגן,
געשליפן געשפּיצט גליווערט שפריץ פון טרערן,
אין ציל־פונקט אָפּגעפלויגן צו ווערן,
פיילן פון אַ שטייף־געשפּאַנטן פיילנבויגן.

אָבער צי קען דען אַ הייליק בוך ווערן,
נביאיש וואָרט דערפון נישט אַרויסצוהערן ?
ס׳מוזן זיין נביאים דעם אמת צו זאָגן !
יאָ, ירבעם בן נבטן אפילו — —
דוד המלך׳ס האַרץ האַרפּט הויך אַ תפילה,
האָפּערדיק וואָרט איבער גאָרער וועלט צו טראָגן —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויב מיר וועלן ווידער אַ תנ״ך שרייבן — —
גאָט, אַלץ, בלויז נישט מער אין גלות פאַרטרייבן,
ווי גרויס אַ ירמיה זאָל עס נישט באַקלאָגן.

## ווען א קעניג פון ירושלים וויינט

„ויקץ שלמה והנה חלום . . .״ — (מלאכים א, ג, ט״ו)

האָט אַ צוועק געהאט, צו שרייען „אני שלמה״,
ווען אויף גאָלדענעם שטול ס׳איז געזעסן אַ שד ?
אָ, אַז אין דעם איינעם אויסגעשריי מיינעם „גזרו״
איז מער חכמה דא ווי אין מיין גאַנצן גערעד — — — —

נישט שולמית האט מיין „שיר השירים״ פאַרשטאַנען,
ווי נישט „קוהלת״ קיין טרייסט פאר קיין מענטש געווען :
ווען כ׳האב די שווערד געצויגן דאס קינד צו צעשניידן,
האט אַ מאמע ערשט מיין גרויסע חכמה דערזען . . .

וואָלט עס פארקערט געווען, א מאמע צו צעשניידן,
וואָלטן די קינדער צוריקגעהאַלטן מיין האַנט ?
אויף דעם אַ תשובה צוגעבן, דאס צו באַשיידן,
מיט מיין גאַנצער חכמה שטייט שטיל מיר מיין פאַרשטאַנד.

עס האט דאך מיין פאלק, די קינדער פון ישראל,
ארויסגעצויגן אצינד די שווערד פון דער שייד,
און הייליקע מאמע־ערד ליגט צעשניטן אויף צוויי — — — —
אָ, פאר מיינע אויגן צאפלט דאך דער באַשייד !

ס׳האט שלמה המלך, דער חכם מכל אדם,
קיינמאל נישט געוויינט, נאר איצט שווימט זיין אויג אין א טרער,
נישט צו צוזען די שאנד פונם געשענדעטן לאנד — — —
ווי מיין טאטע איך הייב אויף מיין האנד און איך שווער —

„אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני !"
אַזוי פעסט ווי אין פויסט ס'איז א שווערד פארביילט :
ווי לאַנג ארץ ישראל וועט נישט ווערן איין לאנד,
וועט אויך מיין ירושלים בלייבן צעטיילט !

אַ פאלק וואָס קאָן נישט זיין היייליק לאַנד האַלטן צוזאַם,
קאָן אויך גאָט זיין שלום־שטאט נישט גאנץ אַנפארטרוי'ן — — —
אַ, אז ס'איז מיר, דעם קעניג פון ירושלים,
אַנפארטרויט פון קלוגשאפט די גין־גאלדענע קרוין.

## ווען די שכינה וויינט

אַז אַ פאָלק גייט אין גלות אַריין,
צווישן פרעמדע פעלקער פאַרטריבן,
צומאָל אויף אַש פאַרברענט צו ווערן,
זיין געביין שוין אויף שטויב צעריבן — — — —

ווי ביטער אַזאַ גאַנג זאָל נישט זיין,
ווילאַנג בלויז זיין הארץ גאַנץ געבליבן !
ווען אָבער טיף שוין אין ריס פון האַרץ,
דער וואָרעם פון טויט זיך פאַרקליבן —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

## צדוק הדין

(צום אָפּמאַך פון די דייטשע שילומים־געלדער)

גאָט, אויב דאָס־אָ וועט געשען,
ווערט ריכטיק אַלץ וואָס געווען,
און אַלץ וואָס די שונאים זאָגן — איז וואָר,
אַן אומה שפּילה זיינען מיר — און גאָר!

גאָט, אויב דאָס־אָ וועט געשען,
וואָס שנעלער מיין סוף געבען — —
אַז איך זאָל מיך שעמען צו זיין אַ ייד,
גאָט, פון אַזאַ לעצטע חרפּה באַהיט.

נישט איינער וועט זיך אויסטון
פון פאָלק — אַן אבל, אַ זון,
צו שבעה זיצן ער טוט אויס די שיך —
קריעה רייסן פון זיין פאָלק ער וועט זיך.

## „ביים ערשטן צוזאמענטרעף מיט די דייטשן"

„מען האָט זיך נישט געגעבן די הענט, נאָך זיך באַנוגנ
מיט אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אַלס באַגריסונג
(פון אַ צייטונג נאכריכט

נישט איר, אייערע הענט צו די דייטשן —
זיי האָבן זיי'רע אייך נישט געוואָלט געבן;
צו אַזעלכע פאַרשווינדלעך ווי איר זענט,
וואָס קאָנען אַזוינס, אַזוי שנעל פאַרגעבן . . .

און אין זייער אָפּשאָקל־באַגריסונג,
אין דעם דיפּלאָמאַטישן קאָפּ־באַוועגן,
וויפיל באַהאַלטענער שפּאָט און עקל — —
וואָס אַלץ איז אין דעם שאָקל נישט געלעגן!

## די דייטשע סחורות פאר ישראל

פון יעטווידן גליאיק קרעמאַטאָריום
אַ טוץ רעפּרידזשערייטאָרס זיי וועלן שיקן,
פאַר די פּקידים, פאַר די הויך־ראַנגיקע,
און פאַר די עלטסטע פון די ותיקים.

פאַר די עולים, פאַר די „שמוציקע יודן",
שטיקלעך זייף פון יענע פעטסטע סאָרטן,
און שיפן פולע מיט אַש, גאַנצע פלאָטן,
צו באַמיסטיקן דעם יער־קדושים גאָרטן.

אויסאָרבעטונג פון עלזע קאָכס פאַבריקאַט
נר־תמיד לאַמפּיאָנס דאָרטן אָנצוּנדן,
און די כתבי־קודש, נייע פאַרקריצטע,
אין די הויטן, גאָלד־געליישט, איינצובינדן.

## די „אדענאוער הייזער"

„מה טובו אוהליך יעקב",
מ׳וועט אין ישראל דעמלט נישט זאָגן מער;
עס וועט די זון אין יעדן פענסטער
אַריינפאַלן — גאָטס פאַרלאָשענע טרער — —

אַז מיט אַ טאַטן, אַ פאַרגאַזטן,
מיט אַ געשענדט ווייב געלייגט פונדאַמענט!
די ציגל פון געטאָקטן קוימען,
אין אושוויץ קרעמאַטאָריום רויט געברענט.

פאַדקאָוועס פון פערד אויף די שוועלן —
נישט מזוזות וועלן צוגעקלאַפּט זיין,
אויף ביישטידל פון אָט די הייזער,
וואָס אויפגעשטעלט ס׳האָט זיי דער שד אַליין.

## דאס „שהחיינו"-קאפּעלע

אַ פריינט האָט מיך צו זיך איינגעלאַדן,
ראש־השנה „שהחיינו" צו מאַכן,
אַ ישראל קאַפּעלע, אַ פריש זיידנס,
געלעגן צווישן די שפּאָגל־נייע זאַכן.



7

געלויכטן ס'האָט, אַטלעס־בלוי, זיידן־ווייס,
„היברו"־ווערטער די ערויף גאָלדן צו לעזן!
אַ קאַפּעלע פֿאַר גאָט און פֿאַר לייטן,
ווי עס וואָלט פֿון פֿראַנקפֿורט־אַם־מיין געוועזן.

מסתם, אַ מוסטער „מעיד אין דזשערמעני",
אויף די ימים־נוראים שוין אָנגעקומען!
איך האָב קיין „שהחיינו" נישט געמאַכט,
מיין צונג האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיין גומען.

טישטעכל מיט הייליקע מקומות,
וועט ערשט אָנקומען נאָך ראַטיפֿיצירן!
דייטשע קונסט שטייט הויך, ס'נעמט אַ שטיקל צייט,
אַ „קבר־רחל" קונציק אויסצופֿירן.

אויף סוכות מסתם אַזאַ טישטעכל,
מיין פֿריינטס סוכה יידישלעך שוין באַשיינען!
אַ, מיך געמוזט גוט צוזאַמענגענעמען,
הויך אויפֿן קול איך זאָל מיך נישט צעוויינען.

## הושענה-רבה 1952 . . .

„לך ה' הצדקה ולנו בושת הפנים".

נישט קיין „אל מלא רחמים" צו מאַכן
און דאָס וואָס געוועזן נישט מער צו באַקלאָגן,
מיט געבויגענעם קאָפּ אַ ייד צווישן יידן,
און וואָס אַלע וועלן זאָגן, כ'וועל מיטזאָגן.

און אַז די צייט וועט קומען, מ'וועט אונז ווידער,
אין גאַז־קאַמער און אין קרעמאַטאָריום טרייבן,
מיט אַ געבויגענעם קאָפּ שטיל כ'וועל גיין — —
אַז אַזאַ חתימה געקענט מ'האָט אונטערשרייבן!

אפֿנים ווי יידיש בלוט אַמאָל געוועזן איז גוט,
טרייבן דערמיט פֿון רעוואָלוציעס די רעדער,
אַזוי אַצינד פֿון די קדושים דאָס אַש,
צו באַשיטן דעם „אַפּמאַך", פֿריש פֿון דער פֿעדער

## דער „אפמאך"

(פון דער סעריע צייט־גראמען אין גרים)

אַז מען מאַכט־אָפּ שפּירט זיך,
אויף דורות־ווייט וועט עס שטינקען!
פּאַר חרפּה עס ווילט זיך,
ווי קרח און זיין עדה,
אין דער ערד אַריין פאַרזינקען.

מען האָט זיך במחילה'ט — —
ס'ריח־נחושת ביז צום הימל!
מ'וועט אויך מיר מוחל זיין,
וואָס מיין יידישלעכע נאָז,
טוט זיך במחילה אַ קרימל.

## דאס הייליקע לאנד

. . . נישט „כעפר הארץ", ווי דער שטויב פון דער ערד —
כאפר — אַזוי פיל ווי די וואָס אויף אַש פאַרברענט!
אויב נישט נקמה גענומען, אַ טויט פאַר אַ טויט,
איז כאָטש אַ לעבעדיקן פאַר יעדן וואָס פאַרלענדט.

אַז נישט בלויז דאָס אויסלייז פאַר אייער גרויליקן טויט,
אונזער לאַנד אַצינד אויסגעלייזט מיר האָבן צוריק,
אָ, נישט פאַר דער קצבה פון אונז 12 מיליאָן יורדים,
וואָס זיינען זוכה מיט די אויגן צו זען דאָס גליק —

פאַר דער ירושה־עשירות פון אייער האָב און גוטס,
וועט וווּנדערלעך געבויט ווערן דאָס הייליקע לאַנד!
אַ מקום קדוש, אַ הייליק פּלאַץ, אַ מאָנומענט —
אין ארץ ישראל יעדע נייַ אויפגעבויטע וואַנט.

## אין די יעקישע קאפעס אין תל-אביב

„בכל יום אחכה לו" . . .

וועט נאָר דער ערשטער אַגענט אָנקומען,
ווי וועלן זייערע הערצער אויפלעבן;
די יעקישע קאַפעס אין תל־אביב —
בייכיקע סאַמאָוואַרס גרעבצן, „פאַרגעבן".

אַ קעלנער, סערוויעטל אונטער אָרעם,
רעפּעטירט אַ „קניקס״, שוין צו זיין אייַנטרעטן;
ס׳זינגט זיין קאָפּ אַ צעזשומטער סאַמאָוואַר:
„לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן — —״

וואָס מיר לאָקשן־יידן איצט, שוואַרצער מאַרק —
גלאַט־כשרע „מעיד אין דזשערמעני״־סחורה!
זיי דערוואַרטן אים מיט ברויט און מיט זאַלץ,
און — מאַרטין דעם צווייטנס פּאַרדייטשטע תורה!

האָט ווער מיטגעבערענגט אַ ריינראַסיקע,
ווי וועט ער זיך דאָס איצט מיט איר באַווייזן!
ניט אײנע, אַצינד, „מעיד אין איזראַעל״,
מיט אַזאַ אַגענט „אין דער היימאַט״ רייזן...

די יעקישע קאַפעס אין תל־אביב —
צעבלאָנקטע סאַמאָוואַרס זידן און שוויצן:
אפשר שוין שרייבן שויפענסטער־שילדל,
„איינטריט פאַרבאָטן פאַר שמוציקע קאַפטן יידן״?

## „איכה...״

פאַרבייסט אייך ביז בלוט מיינע ציטערדיקע ליפּן,
חלילה, מיט אַ קללה זיך נישט צו צעכליפּן,
פאַר דער שאַנד —

ווען די טמאים־פּיס וועלן דיין ערד באַטרעטן,
וויאַזוי דעמלט נאָך טראַכטן פון דיר, נאָך בעטן:
הייליק לאַנד?

ירושלים, דו קוואַל פון טרייסט און טרערן,
אויב דאָס וועט געשען, מיט רעכט וועט פאַרגעסן ווערן,
יענע האַנט,

וואָס געקוילעט, וואָס געשאָכטן אונז און פאַרטיליקט,
דער בלוט־גראָשן אונזערע מיליאָנען פאַרביליקט — —
אָ די שאַנד.

אַז אויך די בושה זאָל דיר נישט אָנגעטון ווערן,
די טמאים־טריט, די גרויליקע, דו זאָלסט נישט הערן,
כותל־וואַנט.

געבליבן ביזט פאַרשטיינערט אין דיין צער און טרויער,
פון דער צווייטער זייט פון ירושלימס מויער.
די בלוט־שאַנד!

נאָר דער, וועמען עס גרילצט יידיש אין די אויערן,
קאָן עפענען, ירושלים, דיינע טויערן,
פאַר דייטשלאַנד.

## א ימים-נוראים הלצהלע

מען קוילעט שוין די חזירים אין די קבוצים
פאר „בלוט־וואורשט פעסט" ווען די דייטשן וועלן קומען,
ווען אין ירושלים אין כנסת־היכל
דער גוטער דייטש, דער בעסטער, וועט ווערן אויפגענומען.

אז די חלוצים זענען זיך אזוי שטארק מתעסק,
גראד איצט די חזירים אויף כשר אויסצושעכטן,
איז וויאזוי א מכבי זיך נאך געפונען
וואס זאל דערשעכטן דעם חזירוק דעם עכטן?

א פארסליבעט אנגעזויפענעם מיט יידישן בלוט,
זעקס מיליאנען מאל בחינמדיק אזוי פארגאסן!
הידוד, הורא, ימין, שמאל, שטיל־געשטאנדן,
מען לאדנט די הארמאטן צו די סאלוט־שאסן.

ומועדים לשמחה, א ווארע געמאכט!
די בלוי־ווייסע פאנען פון די פענסטער געהאנגען!
פאר טויער פון ירושלים דער שר המדינה,
מקבל־פנים צו זיין איז שוין ארויסגעגאנגען.

על כנפי נשרים אנגעפלויגן קומט ער,
זיינע כשרע פיסלעך די ערד באליד באטרעטן;
קוים זיי דערטראגן, נעבעך, דעם „זייט־זשע־מיר־מוחל",
גרייט פאר מחילה־קוש ביים איבערבעטן —

דאָס תזיריִשע „בלוט־וואורשט פעסט“ אין ישראל,
ווען דער דייטשער אמבאסאדאר וועט אנקומען!
דער „ראשון לציון“ וועט זאגן דעם „רבותי“
ביים בענטשן דאס שלומים־געלט במזומן.

אכט הונדערט און צוויי און צוואנציק מיליאן דאלאר,
פאר גלות־יידעלעך אן אפּותיקא — בארעכן!
איך האָב נאר מורא, אז מען זאל נישט דאס בלוט־געלט
ביז איין טראפּן מיט דער גרינער גאל אויסברעכן.

אז ער זאל קומען, דער טאג פאר אפּרעכענען,
מיר האבן געווארט אויף אים און ר׳איז געקומען!
„געלעמט ווערט דער לינקער ארעם“ און דער רעכטער,
„און צוגעקלעפּט די טרוקענע צונג צום גומען“:

ווי בעטלער שטייען מיר נעמענדיק דאס בלוט־געלט,
שטאט אויפשטיין ווי העלדן צו נעמען נקמה — — —
נישט איבער די קדושים־קינדער, איבער אונז
וויינט אצינד מאמע רחל מיט איר „קול ברמה“.

## דער „באחרית“...

די סאָכעס, די קאָסעס און די סערפּן,
פאַר אָפּגעהאָרעוועטן גראָשן פון יידן,
אָ, מיט דער הילף פון די שלומים־געלהער,
מ׳וועט זיי אין כל־רליי כלי־זיין איבערשמידן.

דער גבור פון אָריענט וועט ישראל זיין,
די חלוצים — זיינע שטאָלצע לאַנץ־קנעכט ווערן,
און די קבוצים און די קבוצות —
די אַרסענאַלן פון די נייסטע געווערן!

ווי אַ שטעטל מיט יידן פאַר איין דייטש,
וועט אַ גאַנץ אַראַביש דאָרף פאַר איין ייד קריכן;
דאָס מיינט מסתם „יתא ולא אחמיניה“,
ווען ר׳ יוחנן האָט גערעדט פון משיחן.

# אל נקמות ד׳

וויאזוי תפלה טון געקענט, בעטן מחילה
די אלע יאר, אז איך גאר בין גאט נישט מוחל ?
ווי גאר מיינע ליפן זיך געטון באוועגן,
מיין בליק פארלאפן פון א קרעמאטאריום־רויכל.

מיין פארשטיינט הארץ ארויסרייסן פון מיר געוואלט,
און ווי דויד גליתן דיר כאטש טון א שליידער !
ווי גלויביק כ׳בין געווארן אין מיין נקמה,
ווי אמאל א קינד ביים רבינס טיש אין חדר.

שמשון הגבור, נישט דיין תפלה : „אך הפעם“,
כ׳האב מקנא געווען דיינע בלינדע אויגן :
די גרויסע חרפה נישט צו זען, ווי א גאנץ פאלק
שטייט ווי א בעטלער אין דרייען געבויגן.

ס׳קריכט גלותדיק אריין אין דעם גלית־פאנצער,
אז מען זאל נישט זען זיין געבויגענעם רוקן — —
גאט, רייס האך זיי ארויס מיר — מיינע צוויי אויגן,
אויף אלע פיר דאס געקריך נישט צוצוקוקן !

שטיי איך אצינד פאר דיר טיף דערנידעריקט און קליין,
מיין טאטע איז אזוי הכנעהדיק נישט געשטאנען !
ווי קליין מוז דאס זיין א מענטש צו האבן אזא גאט,
וואס מיט זיין שכל שוין ער האט אים פארשטאנען ?

גאט, דו נוקם ונוטר, דו אל נקמות,
דיך שוין צו קענען פארשטיין מיט מיין קליין מוח׳ל — — —
א פארשעמטער אזא שטיי איך אין תפלה פאר דיר,
אט־א־דאס, חנון ורחום, זיי מיר מוחל —

מיין פאַרשטיינט האַרץ פון קנאה, פון נקמה
געלעגן פאַר מיינע פיס א געפאַלענער שטרויכל,
עס איז נישט ווערט געווען מיטאויפצוגיין פאַר דיר,
פאַר דיינע אויגן ווי א קטורת־רויכל.

## „ושים באזני יהושע"

מילא, נישט מקיים צו זיין דעם „מחה תמחה",
האָבן מיר אונזערע שלומים־געלדער אינטערעסן ;
אָבער פאַרוואָס דווקא אָפּמעקן יעדן זכר,
און אַלץ וואָס געווען, וואָס אונזערס אינגאַנצן פאַרגעסן ?

איבערגעבליבן די שוואַכע, די קריכנדיקע,
צו מאַכן פון אונז די קברים שענדער פונם שטעטל ;
פאַר די „... אלפים ככר כסף" וואָס מיר נעמען,
פאַרברענען דאָס אָרעמע לעצטע פה־נטמן־ברעטל ?

„ושים באזני יהושיע", זאָלן זיי זיך
די געניערן־אַלן אונטער זייערע אויערן שרייבן :
„כי יד על כס יה" — ביי ירושלים !
עס וועט פון עמלקס זרע קיין זכר נישט בלייבן —

— — — — — — — — — — — — — — — —

יא, ירושלימדיק, של מעלהדיק, שכינה־שיין —
טויזנט און איין שטעטל אין פלאַמען ביזט אויפגעגאַנגען,
צו ווערן די לעגענדע, הייליקסטע, ליכטיקסטע.
פון פינסטערסטן גלות אונזערן אומענדלעך־לאַנגען.

## צום 16־טן און 19־טן אפריל, 1956

1. „אדוני אדוני אל רחום וחנון — —"

פון דער געטאָ־מויער, פון דער כותל־מערבי,
ווי אַ פאַרטריבענער הונט אונז פאַריאָגט פוןביידע,
און ווו דיין „אל תשלח ידך אל הנער" געווען,
ווען אַ מיליאָן קינדער געפירט צו דער עקידה.

גאָר געוואַלטיק דו ביזט, גאָט, גאַנץ גרויס — „כי גאה גאה",
געטון טון דו האָסט דיין מדות־הדין באַוויזן !
אָבער ווו איז דיין רחמנות „חנון ורחום",
דיין צוגעזאָגטער, אַזאַ קליין פאָלק צו דערלייזן ?

אַז דו ביזט אַ „רב חסד“, אַן „ארך אפיים“,
גאָט ווער וועט נאָך אין דייַנע ווערטער וועלן גלייבן!
ווי מיר וועסט בלייבן, אַ נע ונדניק, אַ וויסטער,
אויב פון פיצעלע ערד איצט מען וועט אונז פאַרטרייבן.

ווי זיי וועלן זיך שפּאָטיש צעלאַכן איבער אונז,
נאָך הילכיקער איבער דיר, זייער ווילד געלעכטער:
ס׳מאַקאַבייער פאָלק, שמשון הגבור העלדן,
און זייער נוקם ונוטר, דער גאָט גערעכטער — —

2. „והיה ביום ההוא“

עס וועט אייך פאַרגיין דער גרילץ פון אייער געלעכטער,
אויב אַרום די אייל קוואַלן, די קאַנאַלן־רערן,
מיט די פאַרדאַרטע, זון־פאַרקוואַרטע מדבר־דערנער,
דאָס פייער אַצינד ווידער אָנגעצונדן ווערן.

קאָפּטשינדיקע קנויט־קנוילן — קאַנאַלן אין פלאַמען!
סיקנדיק, סם־סלינענדיק שלאַנגען־קעפּ זיך שטרעקן!
דער שפּריצנדיקער גיפט, דער וווּנדן ברענענדיקער —
מיט פונקן־סנאָפּעס גאַנצע ערד שוין צו באַדעקן.

אויב דאָס שפּיל מיט פייער וועט אייך ווידער געליגגען,
איר וועט איצט שוין מיטן קרבן ברענגען צוזאַמען;
גאַנצער ערד־קיילעך, ציגגלדיק אַרומגערינגלט —
אַ קויל וואָס ווערט געוואָרפן אין פלאַקער פון פלאַמען!

ס׳וועט פאַרגיין דער גרילץ פון אייער טייוול־געלעכטער —
אַ וויוגע־ווינט אין אַלדע ווייט־וויסטע ווילדע העקן!
עס וועט פון אייך קיין שום זכר־סימן נישט בלייבן,
קיין שאָקלען צומאָל, וואָס זאָלן אים דערשמעקן.

## שנת ה׳ תשי״ז

„בשופר של עולה לא יתקע ואם תקע יצא“ (ר״ה כ״ח)

ווי אַזוי ברענגען עולות אונזערע זיך,
אַז צום הר־המוריה נישט צוצוקומען?
זייַנען מיר געצייכנטע קינ׳ס אפשר,
וועמענס בראַנדאָפּערס ווערן נישט אָנגענומען.

ווידער וואַנדערן אין וויסטן נע־ונד,
ביים לעבעדיקן לייב צו ווערן באַגראָבן?
זיבן מאָל זיבן דורות צוצוואַרטן,
גאָט און לייט זאָלן אויף אונז „רחמנות" האָבן.

נישט קיין נסיונות און נישט קיין ניסים מער —
קרבנות, אויף אַן אמת ווערן געשאָכטן!
נאָר פון דעם פּאַרקזשאַקעטן פלאָנטער אַרויס,
צווישן שטאַכל־דראָטן כסדר פאַרפלאָכטן.

נישט דעם „אל תשלח ידך על הנער" —
דאָס שופר־של משיח שאָלן שוין הערהערן!
אונזערע זין, — געבונדענע הענט און פיס, —
קרבנות! נאָר נישט קיין לעמער פון זיי ווערן.

## דער מכבי-סאלוט

אויפן הר־ציון אַ סאָלדאַט אַהין און צוריק,
אויף זיין אַקסל דאָס געלאָדענע געווער,
ביי יעטוועדן אויסדריי זיך, ביי יעדן אומקער,
טיף אין האַרצן אים ווי מיט אַ מעסער אַ צוויק.

ווען פון פינסטערניש ער הויבט אויף זיין גליאיקן בליק,
פילט ער אויף פּנים דעם קאַלטן רעגן נישט מער —
עס קייקלט זיך הייס דעראויף אַ טרער נאָך אַ טרער:
אונטן נישט די מנורה — עס ברענט אַ קאַגעניק!

פינסטערניש, רעגן, טעמפּ הילכן זיינע שריט אָפּ —
נעמט ער פלינק פון אַקסל זיין ביקס אַראָפּ,
און עס לייכט אויף אַ שאָס אין דער הילכעדיקער נאַכט —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויף הר־ציון אַ סאָלדאַט אַהין און אַהער —
דער סנדל־המסומר* פון די מאַקאַבעער
גייט אַרויף און אַראָפּ נאָך צווישן די בערג און וואַכט.

## „דער סיני-קאמפיין"

(פון דער צייט פּאָעמע „בימים ההם ובזמן הזה", חנוכה 1956)

1

האָט ער איצט דעם „גאָרדאָן-קניפּ" אַדורכגעהאַקט,
אָדער זיינען מיר אַליין שוין אַצינד דער קניפּ?
„גאָט פון די קדושים, פּלאָנטער אַרויס אונז" — —
גיט עס טיף אין האַרץ אַזאַ צאַפּלדיקן כליפּ.

קאָן מען דען געטרויען די „כל הגויים",
און אונז אַליין, ווען מ׳ווילן ווי זיי אַזוי זיין?
„גאָט פון די קדושים, פּלאָנטער אַרויס אונז — —"
קנייפּט זיך האַרץ אין געוויין און האַלט זיך קוים איין.

אַז אין גאַז-קאַמער אַריין נ׳קרעמאַטאָריום
זיי האָבן אונז געטריבן פון גלות אַרויס,
קאָן מען נאָך געטרויען די ככל הגויים?"
און אַצינד, אַז די שרעק אין האַרץ איז אזוי גרויס!

צי איז הען נישט בעסער אין ים געטריבן
ווי צוריק צו די פעלקער אין גלות צו גיין?
קאָן מען נאָך געטרויען די „ככל הגויים?"
רייסט זיך פון האַרצן אַרויס אַזאַ שטיל געוויין.

2

איין אויג געשלאָסן צום צילן גרייט,
ווי דוחד מיט זיין שנעלן שליידער-שטיין —
ווי איין מענטש די ישראל-אַרמיי שטייט.

איז עס קול שדי, איז עס קול העם?
פון תהום אַרויסגעריסן האַרץ,
איז ציל-געשליידערטער אַטאָם —

צעשפליטערט צעשפּאָלטן אונזער שטאַם
און דער וואָרצל אונטערגעבראָכן,
גאָט, דאָס מאָל האַלט אונז צוזאַם.

און גלייך אינם מעשענעם שטערן אַריין
און געטראָפן פּונקט אינם ציל,
ווי דוד מיט זיין שנעלן שליידער־שטיין.

3

ברענענדיקער בליק אויפגעריסן ווייט,
די מאַמע רחל פאַר איר קבר שטייט:
מיינע קינדער, וואוהין אין דער נאַכט?
„נישט אין גלות — מיר ציען אין אַ שלאַכט,
צוזאַמען מיט אונז דו זאָלסט זיין באַפרייט“.

נידריקער זי ציט דעם שלייער אַראָפּ,
און נאָך טיפער איר צניעותדיקן קאָפּ:
זאָלן זיי נישט זען די טרער אין מיין בליק.
„ווען ווידערקערן מיר וועלן צוריק,
ס'וועט נישט פעלן פון אונזער בלוט קיין טראָפּ“.

ווי אַזוי, מיינע קינדער, ווי אַזוי,
קאָן זי שוין נישט איינהאַלטן מער איר אוי:
איז מעגלעך אַז אַזוינס זאָל קאָנען זיין?
„ווייל מיר ציען נישט אין גלות אַריין,
פאַר איין טראָפּן בלוט פון ייד, אַ טראָפּ פון גוי“ — — — —

בלייבט מאַמע רחל פאַר איר קבר שטיין:
אַ, בלוט פאַרגיסן מיינע קינדער גיין
זייערס, יענעמס, וואָס פאַר אַן אונטערשיד — — —
און ווי דעמאָלט איר „קול ברמה“־ליד,
צערייסט דעם הימל איר מאַמע־געוויין.

4

צעשטערן קאַירא, אַלעקסאַנדריע
און טויזנטער מענטשן מיט זיי צוזאַם?
גרעסער ווי די „אז ישיר“־שירה,
דאָס געוויין: „מעשי ידי טבעו בים“ —

יעדער געפאַלענער מענטש לאָזט אַ מאַמע,
צי גאָר אַ ווייב, אַ יתומל אַ קינד — —
אָבער ס׳האַרץ מוז זיך דאָך אַמאָל שטילן,
שמשון, נישט נאָר פון ליבע — פון נקמה בלינד!

זע, אַ ייִנגל פון קעמפּ אונזערס אַ מאַטראָז,
איינגעבראָכענער נומער אויף האַנט טעטואירט,
אַ זינקענדיקע שיף מיט געפאַנגענע,
זאַק־רויב זינגענדיק אין האַפן אַריין פירט.

אויפגעפויקט דאָס געזאַנג פון „כי גאה גאה“,
אויף פייקל פון קינדישע הויטן געשפּאַנט!
דאָס גאָלדענע ציגעלע אינמיטן ראָד,
ס׳טאַנצן אַקסל ביי אַקסל און האַנט אין האַנט,
גאָט מיט אַ תימנער ייִד אין הייליקן לאַנד.

5

אַזוי פיל אַש אַז איין פונק זאָל טליען בלייבן,
און וויפיל אָטעמס אַז אויפפלאַקערן דער פלאַם;
מיט אַ ים בלוט פאַרקנאָטן דאָס שטיקעלע ערד,
צוריק צו פאַרפלאַנצן אויסגעוואָרצלטן שטאַם.

„עם ישראל חי“, יאָ, עס איז אַלצדינג כּדאי,
געליטענע צרות צו דערציילן אין פרייד;
זע, ווי בימים ההם און בזמן הזה,
יעדער פון אונז, „פון פלאַם געראַטעוועטער שייט“ —

פון נאָנט און פון ווייט פון אַלע אַרבע פינות,
איבער די שבעה־ימים מיטן לעבן קוים:
מיט שווייס צו עסן דאָס ברויט פון אייגענעם פעלד,
און טרוימען אונטערן וויינשטאָק און איילבירט־בוים — — — —

נישט אין אַ ים געשפּרונגען ביז איבער׳ן דער קני —
אין אייגענעם בלוט מיר שטייען שוין ביז צום האַלדז!
ווי ס׳פאָכעט די נשמה איבער לעצטן פונק,
אַז אין פרייד׳ן ווידער צו דערציילן פון אַלץ.

6

אויף יענעם באַרג ווו שמשון הגבור
האָט אַרויפגעטראָגן די עזה־טויערן,
אַרויסגעריסן מיט ריגל און ביישטידל,
זיצט ער איצט נאָך דעם אָפּגעטועננעם,
ווילעריש אונטערפּייפנדיק שטיל אַ לידל.

איין אויג איז ביי מיר שוין אויסגעשטאָכן,
אָבער דאָס צווייטע זעט הערפּאָר בעסער!
אָדער איז עס דייקא, דווקא דאָס בלינדע,
דאָס אַריינצילנדיקע טיף אין מיר,
דאָס אויסגערונענע אונטער דער בינדע?

איז נישט דאָרטן, מיט די הענט אָנצוטאָפּן,
דער „ראש ההר אשר על פני חברון"?
בלייבט ער זיצן ווי פאַרשטיינערט אַ ווײַלע:
איך שווער ביי מיין געבליבענעם זעעוודיקן,
מיר וועלן בלייבן אָן אומה שפילה,

אַ פאָלק מיט אויסגעשטרעקטע בעטלער הענט
ציטערדיקע, שקלים רק ציילנדיקע,
אַ פאָלק מיט דער אייביקער פּאַטשיילע,
אויב מיר וועלן נישט צוריקנעמען אַצינד,
מיט די אייגענע הענט, די מערת־המכפלה.

7

עס דערמאָנט דעם שעפּעלע־משל פון נביא!
ווי אַזוי אַנדערש איז דאָס־אָ צו באַגרייפן:
אַזאַ גרויסע וועלט, אַזאַ רחבותדיק ברייטע,
און נישט צו פאַרגינען אונז דעם שמאָלן „שטרייפן?"
אָ, אַז דער שונא שאַרפט די שווערדן אין עזה,
הערט מען אין אַלע אונזערע שטעט דאָס שלייפן.

יאָ, פאַרוואָס הייסט זי דען די שטאָט עזה, עזה?
ווייל דאָרטן האָט מען שמשונען אויסגעשטאָכן
זיינע „עזה כמות אהבה"־אויגן — — —
די נקמה ווען די זיילן אונטערגעבראָכן!
פון זיין געשריי „תמות נפשי עם פלשתים",
ס'שוואַכסטע האַרץ נאָך מיט גבורה אויפצוקאָכן.

אַז אויפֿגעוואַכטע כוחות וועקן זיך אין האַרץ,
ווערט מען צוריק דאָס, וואָס אַמאָל מ׳איז געוועזן ;
מיט אַ דלאָט געבאָטן אין שטיינער צו קריצן,
אין אַלע צייטן מענטשן זאָלן זיי לעזן ;
עס ווערן ווי וואָלקנס אין פעלזן צעריבן,
סזייף געבלאָז : „טעזן־אַנטיטעזן־סינטעזן״.

עס וועט שוין נישט פיל העלפן די פֿאַלשע מיילער,
זיי מעגן זיי׳רע ציינגען ווי שווערדן שאַרפן ;
ווי אַמאָל, „ירדו במצולות כמו אבן״,
אַליין רייטוועגן אין ים אַריין זיך וואַרפן ;
נאָר אַ כאַמסין־שטורעם אינם מדבר־סיני,
אַזאַ ליד אויף אונז׳רע הערצער אויסצוהאַרפן.

8

אַז נישט בלויז דער יחזל — קאָזאַק הנגזל
נויטיקט זיך אויך שוין אין שעיר־לעזאל ;
סטאַלין, כולגאַנין ? ס׳איז שנאה „עז־יוזשל״.

אָבער וואָס שוין דאָ אַ סך צו ברייען !
מילא, זאָלן זיי שיקן פריש כלי־זיין,
מיר קענען נאָך פּאַרציע פּאַרדייען.

קאָנען מיר קויפן, האָבן מיר מזומן ?
וועלן מיר ווייטער אַהין דאָרטן קומען,
און נעמען ווי מיר האָבן גענומען.

און אַז ווייס־פּאַרשטעלטע בערן־וואָלונטערן,
וועלן מיט אָנקומען מיט די געווערן,
פון רויט־אַרמעער אַראַמעער ווערן ?
זיי וועלן מיט אַ מכה אַהיימקערן,
נישט מיט אַ לענין — מיט פּאַרך ביז אין שטערן.

9

גאָלדן ציקעלע געפּאָרן האַנדלען,
אַראָפּפּאַרקויפט אַלצדינג ס׳האָט שוין פון זיך ;
געבליבן ביי הערנדל, ביי לעצטן
צו מאַכן דערפון דעם שופר־של־משיח.

נע־ונד גאָלדנט ציקעלע אַרום,
געטריבן און געיאָגט פון לאַנד צו לאַנד;
אומעטום האָלט ווער אַ האָרן זיינעם,
דעם שופר־של־משיח שוין אין האַנד.

אויב אָבער אָן דעם שעיר־לעזאזל
קיין שום פאָלק, דאָס שטאַרקסטע, נישט לעבן קען,
וועט דאָך ישראל, דאָס קליינע, שוואַכע,
אַלע פעלקער איבערלעבן — —ווי דען?

און אויב אַלע קלויסטערס קאַטעדראַלן,
וועלן איינפאַלן אָן דער כותל־וואַנד?...
איז דאָך אייביקער פון אַלע לענדער,
ארץ־ישראל דאָס הייליקע לאַנד.

## שיר־המעלות לגולה

האָסט אונז אויסדערוויילט דאָס נידריקסטע צו זיין,
ווייל דו האָסט ליב בלויז דאָס שפּילע אַליין;
דריקסט אונז, — צו דיין האָרץ, — ביז צום אונטערגיין,
כּד אונזער ליבע זאָל אויף אייביק באַשטיין.

גאָט, ווי גרויס דו זאָלסט נישט זיין, שפּילדיק טיף,
אַזאַ שפּילצייג צו זיין, אַזאַ שפּיל צו פאַרשטיין.

אויב דאָס הפוכדיקע זיך ליבט — אַ געבאָט!
דערפאַר קיין ענד אונזער גרויסע ליבע האָט — —
ווייל ווער קלענער פון אונז, ווער גרעסער פון גאָט?
און מיט לעצטן פונקל נאָך אויפן שאַפאָט,

בליט צוריק אויף אונזער גליאיקע ליבע,
אין פייער־פלאַמעדיקסטן, העכסטן „אחד“.

## 171 פאַר די

ערב־שבת־קודש פאַר ליכט־צינדן,
מיט אַ תחינה, מיט אַ מענה־לשון,
האָבן מאַמעס אין „מאיר בעל נס“,
אַריינגעוואָרפן העם לעצטן גראָשן.

נאָר אַ נס, צאַנקנדיק אין טרערן,
די בענטש־ליכט נישט געוואָרן פאַרלאָשן.

גאַנצע דיוויזיעס געוואָרפן אין שלאַכט,
און געגאַנגען אין פייער אין סאַמע;
וויפיל זייערע לעבנס אויסצאַנקן,
און נישט אַהיימקומען מער מסתמא —

וויפיל תחינות, וויפיל מענה־לשונס,
האָט דאָך אַ־יעדער סאָלדאַט אַ מאַמע.

און געשען איז דאָס נס און גרויס איז עס:
מיט נצחון־ליד, מיט ליכטיק העלן,
העלדן קומען זיי צוריק פונם שלאַכט,
מאַמעס וואַרטן זיי אָפּ פאַר די שוועלן.

פאַר די הונדערט מיט איין און זיבעציק,
אַ בענטש־ליכט כאָטש אָנצינדן מיר וועלן.

אַ שטילער קרעכץ, אַ פאַרביסענער,
וואָס רייסט אַרויס זיך פון טיפסטע טיפן,
צאַנקענדיק שמעלצענדיק, ווערט דאָס ליכט,
מיט שרעק־פאַרגליווערטע־טרערן טריפן.

בלויז דאָס פלעמל, אויסטערליש און שטיל,
טאַנץ אַזאַ ציטערדיקן בגלופין.

## פון א בריוו פון דאנען

ווי אַרום עמעצן אַרומגעגאַנגען,
אינערגעץ קיין אָרט נישט צו געפינען;
זיך אַרומגעדרייט ווי אַרום אַ שפּיטאָל,
בשעת די אָפּעראַציע געמאַכט ווערט דרינען.

די מורא איבערן מויל עס צו ברענגען
ווי די ליפּן ציטערדיק זיך באַוועגן!
הייבן זיך צו ווענען די ברעמען אויף,
קוים מיט בליק בלויז כאָטש עפּעס צו דערפרעגן:

„לעבט ער נאָך, וועט ער לעבן בלייבן?"
הערן די טרערן נישט אויף צו רינען!
וויפיל קינדער מאַמעס מוזן איינשטעלן,
פאַרן פאָלק אַ זיג ס'זאָל ווערן געווינען — — —

איך האָב זיי געזען דיין מאַמעס טרערן,
וואָס האָבן דאָרטן געהיילט דייַנע וואונדן;
זי האָט געטריפט דאָ די רפואה־טראָפּן,
ווען די שוועסטערן דאָרט זיי דיר פאַרבונדן.

זיי וואָלטן זיכער נישט ווי געטון אַזוי
וואָלט זי זיי אויך געוועזן פאַרבינען!
כ'האָב אויך געזען, די זכיה אויף איר פּנים,
וואָס אַזעלכעס איר בלוט ס'איז פאַרגינען.

יאָ, אַ מאַמע ווייסט, ווי ווייט זי זאָל נישט זיין,
עס שפּיגלט זיך לויטער אין אירע טרערן;
כ'האָב דערקענט אין ציטער פון אירע פינגער,
ווי זי ווישט דעם קאַלטן שווייס פון דיין שטערן.

# די סועץ-אקציעס...

1

דער ערשטער בלאַט צייטונג פאַר מיינע אויגן,
פון חומש און אַרויסגעריסן בלעטל;
קייגנאיבער מיר בלינצלט אַ גוי כיטרע,
און אויף לעצטער זייט זוכט אַ ייד אַ וועטל.

דער אַרצבישאָף נעבעך אין לאָרדן־הויז,
ער צערייסט זיך דעם יאַשטשיק פאַרן יושר,
און גייטסקעל אינם פאַרלאַמענט צעזינגט זיך,
ווי אין „ווילנער בעל־ביתל" משה אוישער.

צום בעסטן גרימירט פון דער גאַנצער חברה,
איז, דאַכט זיך, דער סילווערמאַן מיט זיין בערדל,
ער ווייסט שוין נישט אויף וועלכער באַנק ער זיצט,
ווי דער ייד, נעבעך, וואָס זעצט אויפן פערדל.

און אויב אויף אידנ׳ס ברית נישט דער „וכרות",
מעג ער זינגען דערפאַר דעם „אלי אלי":
אַז ישראל זאָל געבן אים דעם סועץ־קאַנאַל,
ווי פאַר 88 יאָר — דיזראַעלי.

2

ער וועט מסתם גיין דער סער אַנטאָני,
ווייל ער האָט בלויז אַ האַלבע אַרבעט געמאַכט,
וואָלט ער דעם גאַנצן קאַנאַל גענומען,
געווען ער וואָלט דער לעצטער וואָס לאַכט.
פון אַלע שיינע ווערטער דאָס שענסטע — מאַכט!

מיט אַ שירעם צופליען צו היטלערן,
שטייפן קאַפּעלוש ציען פאַר יעדן נאַר?
צומאָל דיפּלאָמאַטיע מוז געפירט ווערן,
מיט אַ לייטיש ברענענדיקן ציגאַר.
אין אַלע זייטן פענדלט דיפּלאָמאַטן־קאַר!

גרויס־פּאָליטיק ביי גרין־געדעקטע טישן,
ווערן מיט זיידענע הענטשקעס געמאַכט,
אָבער אין קריג צו גיין מיט סאַמעט לעטשלעך
און מורא האָבן זיי ווערן איינגעראַכט ?
אַז סטראַטעג פרעגט : „מ׳מעג ?" ווערט ער אויסגעלאַכט.

און אפשר גערעכט איז מיין באָבע געווען,
וואָס האָט געזאָגט, פון אַ נאַר האָט מען צער,
און אַ שוטה, אַן אָפּגעריסענעם,
אַ האַלבע אַרבעט מ׳טאָר נישט ווייזן דערפאַר ?
גאָטעניו, הלוואי זאָל איך בלייבן דער נאַר.

3

זיי האָבן זיך מיטגעכאַפּט די מאָסלי־ייִנגען,
מיט דער שלום־טויב אויף טראַפאַלגאַר סקווער,
און די פּאַרטריבענע טייבעלעך נעבעך,
פלאַטערן אין דער לופט אַהין און אַהער.

איינע האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אין דער הייך,
אויפן נעלסאָן־קאָלום און וואָרקעט אַראָפּ :
„ס׳פּאַרגלייזט די אייגעלעך, ממש אַ טייבעלע" . . .
און לאָזט דעם רעדנער אויף קאָפּ עפּעס אַראָפּ.

דער אַנטאָני־קאַרניוואַל"* — פון דאָם צום ווייט־האָל,
און יעסיקאַ מיט אַ פלאַקאַט — נאַ שפּיץ !
אַ ישראלי „ביוטי" טראָגט אים הויך אויפן קאָפּ,
ווי דער כהן־גדול זיין גין־גאָלדענעם ציץ.

צדק־אידיאָטן, פּאַרטיי־פּאַטריאָטן ?
ווער קאַן זיך אויס אויף די־דאָזיקע לייט ?
גייט עס אין בענקלעך, גייט עס אין געהאַלטן ?
אַטאָמען צו שפּאַלטן — געשליפענע רייד !

זיי האָבן זיך מיטגעכאַפּט די מאָסלי־ייִנגען
מיט דער שלום־טויב אויף טראַפאַלגאַר סקווער,
פונקט אַזוי נישט איין ישראלי סטודענטל —
ווי להבדיל, געקומען שטודירן דאָ אַהער.

---

* פון דער „שיילאָק"־קאָמעדיע.

## די לאנדאנער „בני ציון היקרים"

עס ווערט אַ יידיש שטעטל אונזער תל־אביב,
ס'דרייען זיך שוין אַרום דאָ תל־אביבער יידן,
אַ מלמדות זוכנדיק, אַ חזניש־שטעל,
און אַז אַ פּרעסער איז מען אויך שוין גוט צופרידן.

אין יידישן שעלטער איז ווידער יידישלעך !
פון וואַנען איז אַ ייד ? נישטאָ זיך וואָס צו שעמען,
אַ נכתב אין תל־אביב, געבוירן אין צפת ?
אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ טייערע נעמען.

ווי אַזוי דערקענט כ'האָב דעם איראַקער בחור ?
זיכער נישט אין זיינע ברייט־צעשפּרייטע נאָז־לעכער —
אין זיין תל־אביבער־שניט און אין זיין „היברו" !
מיט שוואַרצע וווינט ער שוין איבער מיר, אַ שטאָק העכער.

און די סטודענטלעך, די בני ציון היקרים,
„מאַושלען" שוין העברעאיש־יידישלעך — ס'האַרץ צו רירן !
און אויב נאָך נישט מיט קעמעלעך און מיט נאָדלען,
קלאַפּן זיי שוין מיט „קריסטמעס קאַראָלס" אין די טירן.

באמת תל־אביב אַ שטאָט פול מיט יידן,
ווי אַזוי אַ שיקסל, נעבעך, דאָרטן צו קריגן ?
איז אַ גרויס „ראַכמאַנות" אויף דעם געמישטן „קווייער",
וואָס גלות'ט, גויאיש, דאָ מיט אַ קאַראָל־ניגון . . .

## דעם פּורים־רב'ס תורה

„ווי באַרוישט מיר זיינען פון אונזער גרויס־פּאָליטיק.
אַזאַ גליק : איין קלייניקייט, בן־גוריון און אייק !
אַמעריקאַנער פּרעזידענט און ישראל פּרעמיער !
„עד דלא ידע" גאַנצע טעג הילכט דער „מייק".

„עס דערמאָנט מיך אין יענעם וועלט־באַרימטן פּאַטש,
וואָס איך האָב אַמאָל געטון באַקומען פונם רב,
און מיט אונז ביידע געקלונגען גאַנצע שטאָט — — — —"
ער צעוויינט זיך — אונטער שער אַ געבונדענער שאָף.

# די „עד דלא ידע" באלאדע פון די פורים-פאטריאטן

## אָדער: די פיר רבנים פון דער מגילה

זיינען זיך געזעסן פיר רבנים ביים גלעזל,
פורים בייטאָג נאָך לייענען די מגילה;
אַזוי פאַרטון געווען אינם „עד דלא ידע",
אַז זיי האָבן נישט פאַרגעסן שיעור דעם זמן תפילה.

וויסקי אויפן טיש און וואָדקאַ און אַ הייסער פּונש
האָט עס זיך געזשלאָקעט איין כּוסה נאָך דער צווייטער;
עס וואָלט זיך דער ברענענדיקער ויכוח צעפלאַקערט,
ביז אין שושן־פּורים אַריין, אויב נישט נאָך ווייטער.

מען איז זיך שוין ווייט אין די בערד אַריין פאַרקראָכן,
וואָרים אויב רבנים זיינען דאָך בערד פאַראַנען;
זיך פלינק אַרויפצוכאַפּן ווי מרדכי אויף זיין פערד,
האָט עס דער גלות אויסצונוצן פאַרשטאַנען:

„אַז מער ווי עשרת בני המן איז אוממעגלעך,
ווייל מ'מוז דאָך אין איין אָטעם זיי קאָנען אָפּזאָגן,
דעראיבער אַנשטאָט דלפון אַריינשטעלן האַלעס —"
האָט רעפאָרם ראַביי נעלסאָן שליט"א פאָרגעשלאָגן.

„צי איז דען אַ דלפון מער מיוחס ווי אַ דלות?
און דער זעלבער טייטש, טאָ זאָל מען אים אַרייבשטעלן!
באמת, אַ „בייבל"־מאַן איז ער — אַן ערל,
וואָס פאַרשטייט כל דיבור, וועט עס אים געפעלן".

האָט פּאָקאָזאַצקעמו מאָסקווער שושן-פורים־רב,
כעסדיק אַ שאָקל געטון זיין קאָלפּעקדיק שטריימל:
„אויב אַזוי, אַנשטאָט ויזתא — כרושטשעוואָתא!
איז ער נישט דער גרעסטער ווײ־חכם פון קרעמל?

„פורים איז נישט קיין יום־טוב און קדחת קיין קרענק,
וואָרים דער „עד דלא ידע" איז דאָך דער עיקר;
אָבער, צי איז דען פאַראַן איבער דער גאָרער וועלט,
פון אונזער כרושטשאָוון נאָך אַ גרעסערער שכּור?"

נאָר דער חכם ר׳ חיים נחום פון קאַאירא,
איז זיך שטיל געזעסן, געזויגן זיין נאַרגילע:
„אויב איבער פּרעה׳ן ס׳איז דאָ אַ גאַנצע הגדה,
וועט איבער נאַסערן זיין אַ געוואַלטיקע מגילה״.

עס איז געוואָרן סודותדיק שטיל, מען האָט געהערט,
ווי דער זקן האָט זיין נאַרגילע שווער געזויגן;
ווער ווייסט ווילאַנג — איבער קריאת שמע של שחרית מסתם,
דער „עד דלא ידע״־געצאַנק וואָלט זיך געצויגן.

ווען נישט ראַפּטים אויפגעכאַפּט עס האָט זיך עמרם בלוי,
און אין איין אָטעם אָנגעהויבן פאַרצווּשלאָגן — —
עס איז געווען מער ווי צוויי מאָל עשרת! אָבער
ווּעם אַלץ אַריינגערעכנט, בעסער נישט צו זאָגן . . .

## שושן־פורימדיקע גרויס פּאליטיק

מה־שפּגמתי: פּורימדיקס־שבפּורימדיקס

די גויים וואָס האָבן געטער,
דעם טאַטן מיטן זון,
דער ערשטער, אַ נוקם ונוטר,
דער צווייטער נאָר גוטס צו טון,

זיי האָבן אויך פּאַרטייען,
און אַ „שאָטן״־קאַבינעט,
און ווען איין פּרעמיער רעגירט,
דער צווייטער רק ער טוט און רעדט.

מיר דאָס פאָלק פון „אחד״,
האָט טאַקע נאָר איין פּאַרטיי,
אַ קאַבינעט — אָן אייביקן!
דערפאַר פּרעמיערס צוויי.

שלמה שוין געשריגן: „אני״,
ווען אויף בענקל געזעסן אַ שד,
אַבי צו קענען בלייבן,
ביי איין פּאַרטיי און איין קאַבינעט —

יאָ, די חכמה איז גאָרנישט זיין!
נאָך כביכול, גאָט אַליין,
האָט טאַקע נישט אויף געטער,
אָבער אויף שטן געמוזט באַשטיין.

און ווען כביכול וויל זיך אויסרוען,
אויבן אין הימלישן רוע־בעט,
רעגירט דער שטן דאָ דערוויילן,
מיט זיין „שאָטן־קאַבינעט“.

## „אטא פאן האבסבורג קעניג פון ירושלים“

עס האָט אײנמאָל אַ פּרינץ, פאַר איין רייט־פערד,
דאָס גאַנצע קעניגרייך זיינס אָנגעבאָטן;
אָבער אַז אַ גאַנצע כאָפּטע שקאַפּעס,
פערדיש זיך צעהירזשעט: „גיט אונז פּרינץ אָטאָ'ן!“

ער, דער יורש־עצר, פּראָיים יאָסעל'ס,
ווייסט אַזאַ אָנגעבאָט שוין גוט צו שעצן;
נאָר צי קאָן מען דען מיט איין ווי־הייסט־מעס,
אויף אַזויפיל שקאַפּעס אַרויף זיך זעצן?

אַחוץ, אפשר, ווי צו די עליות,
אויפרופן מען וועט יעטוועדן באַזונדער;
און אַ נס, אַז אונטער איין הינטערן,
אָפּגעשמיסענע „כל־הנערים“־קינדער — —

פּתח שערי שמים, אַ האַבסבורגער,
פון ירושלים דער הייליקער קייסער!
ער רייט אַרויס, דער מלאך הגואל,
פון די טשעכיש־אונגאַרישע כולל־הייזער.

„כי אין לנו מלך אלא אָטאָ — —“
שטייט דאָך בפירוש אַזוי אויפגעשריבן!
דערפאַר פאַרן „קעניג פון די שנאָרער“
האָבן מיר אים, פּרינץ אָטאָ'ן, אויסגעקליבן.

אויפן קאָפּ אַ קרוין דעם „כתר" אָנטון,
אין האַנט שטאָט אַ סצעפּטער — די „יד" טון האָבן!
די פּקידים קרענקען זיך צוקוקנדיק,
ווי ביים כותל מען וועט דאָס איצט זשאָבן.

## א מועדים לשמחהלע

באמת לייכטער געווען משה רבינו'ן,
דעם ים־סוף אין דער טריקעניש אַדורכצוגיין,
ווי בן־גוריונען אין ירושלים,
דעם מיט שטיינער געכשרטן שווים־באַסיין;
גרינגער געווען צומאָל דעם כעלעמער רב,
אריינצונאַרן אַ גוי אין מקווה אַריין.

ווען צען חכמים נישט אַרויסנעמען קענען,
פון איין נאַר אין טייך אַריין געוואָרפענעם שטיין,
ערשט ווען צען מניגים נטורי־קרתאניקעס,
מיט חרמים־געשריי, מיט תחינות־געוויין:
אויב שוין „ככל הגויים בית ישראל",
איז נישט מיט שווים־באַסיין — מיט אַ בלוט־באָד ס'וועט זיין!

נאָר האָט עס אַ שייכות צו דער דייטשער מחילה,
זי אַרומצוואַשן „פייגלעך זויבער" און ריין —
זיי וועלן דאָך אויף דער קומענדיקער שמחה
די הויפּט מחותנים אַציגד מסתם דאָרט זיין! —
אַ ברכה אויף יענע נטורי־קרתא־הענט,
וואָס אויפגעהויבן און געוואָרפן ערשטן שטיין.

## „נס גדול היה שם"

אין מאה־שערים, אין פינסטערן ספרים־קלייטל,
גאָרגלט ס'גראַמאָפאָנדל מיט אַמעריקאַנער פּלאַטן;
און אויף דער זייט גרענעץ, אין וואַך־ביידל צוויי סאָלדאַטן,
שניידן גרויסע פּענעצן פון אַ זעלנעריש ברייטל.

פינסטער חושך, פון אַ פענסטער אַ חנוכה־קנייטל,
צאַנקט אַריבער דורכן רעגן מיט אַ ליכט אַ מאַטן;
„געדענקט איר נאָך דאָס דריידל און חנוכה־געלד פון טאַטן?"
רופט זיך אָן צו די סאָלדאַטן דאָס יינגע „יעפּרייטל".**

און פון אַ הילו אַרויס אַ קויל ער דרייט פלינק אַרויס,
קריצט דעם „נס גדול היה שם“ קונציק דערין אויס,
און צום שפּילן אַרום טיש זיי זעצן זיך צוזאַמען.

פינסטער חושך דרויסן, ס׳רעגנט, עס גיסט מיט קאַנען,
און די גרענעץ אַריבער, ווו די וואַכן שפּאַנען,
הילכט פון מאה־שערים „אַ בריוועלע דער מאַמען“.

## אזא מענה-לשון...

יאָ, נישט בלויז די ברויט־ברכה אויפגעבראַכן וועדט,
מיט ידים ידי־עשו־שווייס און געוויין,
און נישט נאָך אויפקאָכן ס׳טוט דאָס רציחה־בלוט,
דער נצחון פאַר קאַמף פון זיין און נישט זיין —
באַגיין מען מוז אַלע ארבע מיתות איבער
יעדן ברוך הוא וברוך שמו — אמן.

יאָ, די רציחה זי מוז זיך דאָך צעיוכען,
אויב נישט איבער יענעם — כאָטש איבער זיך אַליין !
גאָט, „טוב שלא נברא“ ! טאָ וואָס איז דער חילוק דאָך,
פון קול קול יעקב, ביז צוגעבן צוריק אין די ציין ?
„ועכשיו“ — אז ווידער מיר זיינען מיט פעלקער גלייך,
איז אויף לעבן און טויט, און נישט מער אונטערגיין.

אָ, אַז דעם גלות גרויס אַזוי אויסגעהאַלטן,
צי קאָן עס ווער מיטן שכל דאָס־אָ פאַרשטיין,
אַזוי די אתחלתא דגאולה אַצינד,
מיט מענטשלעכן פערשטאַנד נישט משיג צו זיין — —
טאָ, זאָל דאָך קומען איבער מענטש אַזאַ גוטסקייט,
וואָס גאָט אליין בלויז קאָן משיג זיין און פאַרשטיין —

— — — — — — — — — — — —אמן.

# קבר־רחל

(באַלאַדע)

„קול ברמה נשמע רחל מבכה על בניה“

1

נישט קיין קעמל פאַרמאָגן זיי,
נישט קיין אייזעלע אפילו,
אַרום מאַמע רחל׳ס קבר,
געטוליע אין שטילער תפילה.

ווי ווייט איז דען צום נעסט אַהיים ?
אַן אַקער קוים מיט אַ האַלבן !
און זי וואַלגערט זיך אַרום דאָ,
מיט אירע נאַקעטע שוואַלבן.

אַ פרוי אַליין, קראַנק, צעבראָכן,
און טויט דער איינציקער שפייזער ;
וואָלטן כאָטש „יאַהודס“ דאָ געוווינט,
צו גיין איבער זיי׳רע הייזער — —

איבער דעם דריטן בערגל דאָרט,
ווו געפאַלן זייער טאַטע,
שטייט אַן אויסגעקלעפּטע פון ליים
זייער „חושע־חאמרא“־כאַטע.

ערגעץ־ווו וואַלגערט זיך מסתם
אין אַ ווינקל זיין נאַרגילע,
זי, מיט די יתומים זיינע
צומאָל קיין ווינקל אפילו —

און צום קאַלטן מצבה־שטיין,
פאַלט זי צו מיט ליפּן שטילע.

2

אַז אייגן קינד דערוווייטערט ווערט,
גאָר דאָס פרעמדסטע שוין ווערט אייגן!
שטאַרקער ווי העכסטער יאָמער,
איבער איר קבר דאָס שווייגן.

און מאַמע רחל כאַפּט זיך אויף,
דערשראָקן אין גרויסער אימה — —
אָ, נישט אַ פּולס מיט רחמנות,
עס איז איר האַרץ מלא־חימה:

אַז מיך דאָ ליגן געלאָזן,
יעדנס געקלאָג צו פאַרגעלטן — —
צי זאָל איך, חלילה, אַצינד,
מיין אייגן פלייש העץ פאַרשעלטן?

אַז מען הערט נישט מער פון קינדער,
גייט דאָך זיי גאָר גוט מסתמא;
אָך און וויי צו אונזער דאָליע...
אָבער וואָס וויל מער אַ מאַמע.

דו ביזט דאָך, ווי איך, אַ מוטער,
קאָנסט מיין לאַגע גוט באַלייגן:
אַ מאַמע ליבט אירע קינדער,
ס׳ערגסטע נאָך זי וועט פאַרבייגן —
— — — — — — — — —
און איר „קול ברמה נשמע״,
פאַרגייט אין ביטערן שווייגן.

# דער סאלוט-שאס

צווישן אלע לענדער ישראל אויף דער מאפּע שוין,
און סאַלהאטן מארשירן צום יזכור־סאַלוט ;
יאָ, אויב גאָט האָט אויף אונזער וועלטל געזאָגט „כי טוב“
איז דאָך אונזער קליין לענדעלע גוט־שבגוט,

מלוכה־לייט אין ציוויל, דעלעגאטן אין שוואַרץ,
איינהייטן, אויפמארשן, טשעסט, פּענער און מוזיק ;
איבער טויט־שטילשווייגן פון טויזנטער קעפּ,
הילכן מיקראָפאָנען מיט רייד און פּאָליטיק.

קיין הארץ־רייסנדיק געשלאָכץ נישט, קיין טרערן געטראָפּ,
אין די אויערן פון די פּענער נאָר דאָס געפּאָך !
יאָ, אַ לאנד ווי אלע לענדער, ככל הגוים,
טאָ וואָס אַ סך ברייען נאָך מיטן „מום שבך“ . . .

טויט־שטיל, שטיוול־געטרעט איבער געבויגענע קעפּ,
מיט קוילן פילן זיך די ביקסן, אַ באַפעל — — —
איך האלט איין דאָס קלאַפּן פון הארץ, די שלייפן ציילן :
איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס, און ס׳פארשנירט זיך מיין קעל —
— — — — — — — — — — — — — — — —

איינהייטן, אָפּמארשן, פּענער־פּלאַטער, מוזיק,
אַן אויפגעפירטער פּאראד מיטן גאנצן קנאַק !
כאָטש שאַמפּאַניער מיט מלוכה־לייט גיין אויסטרינקן,
אָדער אַ כוסה גראָק אין אַ טונקלען קאַבאַק.

יאָ, אויב גאָט האָט אויף אונזער וועלטל געזאָגט „כי טוב“,
איז דאָך אונזער קליין לענדעלע גוט־שבגוט !
נאָך רויזשט מיר אין די אויערן דער ככל הגוים,
פאר די קדושים דער צעשאָסענער סאַלוט.

## „כימי צאתך מארץ מצרים“

(צייט־גראַמען לכבוד פסח 1958)

פאַר די טויערן פון דער וועלט,
שטייען שומרים אָוועקגעשטעלט,
די עגיפּטישע פּיראַמידן;
פאַרשטיינערט איעדער פון זיי שטייט,
שמייכלט אין זיך אַריין, און גרייט
עבדות־קייט אייביק צו שמידן.

צו באַפרייען פאַרשקלאַווטסטן קנעכט,
דער נידריקסטער קריגן זיין רעכט,
מענטש צו געפינען דעם פרידן,
איבער דער גאָרער ערד פאַרשפרייט —
סימן פון יושר און פרייהייט
זיינען עס נאָך אַלץ — מיר יידן!

„יאָ, עס האָט די וועלט צעטיילט ווער,
אויב נישט אין עבד און הער —
אין העלדן און אין אינוואַלידן!“
פון אויבן אַראָפּ, שלאַנק, און בלייך,
קוקן אין די אויגן אַריין גלייך,
טרויעריקע קאַראַטידן —

זע, נישט דערגרייכן ער קען מער!
פון עק וועלט צוריק דאָ אַהער,
ציט פון זיין גאַנג, לאַנגען און מידן,
פאַר׳צער׳ט געהעצטער לעצטער ייד,
און קרישלדיקער פּיראַמיד
טוט די עבדות־קייט ווייטער שמידן.

## ל״ג בעומר אין מירון

„ואהבת לרעך כמוך זה כלל גדול בתורה״ — **רבי עקיבא.**

ווי לאַנג דויערט דען אַ נצחון פון אַן אַרמיי,
איין דור, צוויי, דריי דורות, זיבן דורות צי גאָר צען — —
דער זיג פון רבי עקיבא מיט זיינע תלמידים
מיט מיינע אייגענע אויגן נאָך כ׳האָב אים געזען:
„ואהבת לרעך כמוך — — —״

די נצחון־פייערן אויף זייערע קברים,
געצונדן זיי ווערן נאָך ביזן היינטיקן טאָג!
אַלע נאַפט־קוואַלן פון אַראַביע און פון פּערסיע,
זיי האָבן נישט די ליכטיקייט פון דעם איינעם זאָג:
„ואהבת לרעך כמוך — — —״

דערשלעפּט זיך קוים אַרויף אַ זקנה, אַלט און שוואַך,
זי ווייסט עס איז פון איר לעבן שוין דאָס לעצטע יאָר,
רייסט זי פון איר קאָפּ דאָס טערקישע דעק־טוך אַראָפּ,
און ס׳פלאַמט צוזאַם אויף מיט איר אייניקלס ערשטע האָר:
„ואהבת לרעך כמוך — — —״

איך בין געקומען אַ נשמה־ליכטל שטעלן,
פאַר מיין שוועסטער וואָס איז געוואָרן היילִיק פאַרברענט!
ווען כ׳האָב געשעפּטשעט איר נאָמען בשעתן צינדן
אירע האָר צעפלאַם געפילט אין ציטער פון מיינע הענט:
„ואהבת לרעך כמוך — — —״

## „כי יד על כס יה“

פון קאַראָ צו מאַכן אַ קאָרעאַ,
אַ פּלאַקער, אַז גאַנצער ערד־קיילעך פאַרברענט,
דאַ־אַ עס איז אַלצדינג וואָס מאַכן איר קענט —
„כי יד על כס יה מלחמה לאדוני“.

ביים אבן־שתיה, ביים הר־המוריה,
ביי דער טרויעריק פינסטערער מערב־וואַנט,
אין אַ שבועה אויסגעשטרעקט מיין רעכטע האַנט —
„כי יד על כס יה מלחמה לאדוני“:

אַזוי לאַנג ירושלים צעריסן,
און בלוט זיך גיסן איבער דער גאָרער וועלט —
פון עמלק׳ס דלאַניע געלעקט דאָס בלוט־געלד!
„כי יד על כס יה מלחמה לאדוני“.

אָ, דאָס פייער וועט זיין, דאָס מעסער שוין גרייט,
און מיליאָנען לעמער דאָס בראַנדאָפּער־שאָף,
נישט קיין עקדה — עס וועט זיין אַ גאָטס־שטראָף,
„כי יד על כס יה מלחמה לאדוני“ — — —

# רבי שמעון בן יוחאי-טריפטיך

(ערשטער פליגל)

אַז לעצטער טראָט פון אונטער פוס איז צעשטערט,
פאַרגראָבט מען זיך אין אַ לאָך אונטער דער ערד,
און ווי פון אַ שיסל וואָס איבערגעקערט,
אַלץ וואָס אין הימל מיטגענומען מיט זיך.

נישט פאַרלירן ס׳קען אַ בר כוכבא די שלאַכט,
ווי אין פיין אַ רבי עקיבא נישט פאַרשמאַכט,
פאַרשפּרייט בלויז ס׳איז איבער דער וועלט אַזאַ נאַכט,
ביז אַ ליכטיקער אָנקומען מלך משיח.

און מיט זון און שטערן די אויגן צעבליצט,
רבי שמעון בן יוחאי אין זיין מערה זיצט,
נישט דעם גורל פון מענטש אַרויסלייענט ער איצט,
אַ בייע וועלט שטעלט ער צוזאַמען דערפון.

אַלע גלגלים אויף האַנט זיינער ער האָט,
און איינער אין צווייטן ווי אַ רעדל אין ראָד,
דער מילך־וועג — דער דרך המלך צו גאָט,
ווי די נקודה פון אין־סוף ס׳איז די זון.

אַז דער לעצטער העלד פון אַ פאָלק איז צעשטערט,
איז פונם בלאַסק פון זיין צעבראָכענער שווערד
„יהי אור״! און אין פינסטערניש ליכטיק ווערט,
אָן אַ פגימה, וועלט גייט אויף פונם כאַאָס.

פאַר רבי עקיבא די „ד״ פון אחד,
מיט די אַרבע מיתות זיך געעפנט האָט,
וועט ער פון זיין גוף מיט געשליפענעם דלאָט,
אויסהאַקן אַן איינציק וואונדערלעך אות.

אַזוינס־אַ וואָס פלאַטערט אין הימל אַרויף,
אַ פייערדיקער אַדלער אינם אין־סוף,
אַן אות וואָס עפנט זיך ווי אַ קבר אויף,
טיף און אין־סופיק און אייביק ווי דער טויט —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דאָס לעצטע וואָרט פון אַ פאָלק ווערט צעשטערט,
פון שרעק, חלילה, אַז פאַרשניטן עס ווערט,
אַ בת־קול פון עק וועלט ביז עק מען הערט,
מיט טיפסטן סוד פון דור צו דור אָנפאַרטרויט.

(דאָס מיטלשטיק)

האָסט אונז געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי,
אין אייגענעם גוף אין אַ מערה צו זיין;
אַלץ טיפער און טיפער נידערן אין זיך,
ביז צו די שערי שמים צו דערגיין.

אין איינגעהאַלטן פאַרשוויגענעם געוויין,
פלאַטערן די ווערטער ווי מלאכים אויף,
לערנענדיק דעם מענטש דאָס טיפסטע פאַרשטיין.

האָסט אונז געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי,
מיט די נעגל און מיט פאַרבייס פון די ציין,
ווי אויף פינסטערער היילן־וואַנט דער אור־מענטש
אין אייגענעם גוף צו קריצן די פיין — —

און אַז אַרויס ערשט אויף דער ליכטיקער שיין,
פון דעם חשכותדיקן היילן לאַבעריגט,
עס דערגייט דער מענטש מיט זיין טויט נאָר אַליין.

האָסט אונז געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי,
אַז נאָר יענע ווערטער זיינען וואָר און ריין,
ווען ווי צוואות, ווי ווידויס זיי ווערן,
און צוזאַם מיט זיי שעפטשענדיק אויסצוגיין —

מיטנעמענדיק קוים ס׳ווידער־קול פון אמן — — —
אַז נאָר יענע ווערטער לעבעדיק בלייבן,
ווען לעבנס זיי אָטעמען אין זיך אַריין.

ר׳האָט אונז געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי:
צעקריצטע מצבה ס׳איז יעדעס געשטיין,
דערשריבענער פּה נטמן יעדעס קריצל,
אַרויסצולייענען פון די יודיע־חן — —

תא חזי, קום און זע און לייען עס אַליין:
יעטוועדער צערישטער צעבלעטערטער בוים —
אַ מענה־לשון צעיללהטער געוויין.

און נאָך טיפער קוק און פאַרשטיי, תא חזי:
ס׳איז דער ערד קיילעך אַ מגילה פון שטיין!
און פאַרוויקלטער אַלץ און דיקער זי ווערט,
מיט פאַרשריבענעם הערגאָגליפן געביין — —

עס איז יעדער מענטש אַן אות פון דעם געליין;
און הימל מיט די צעפינטלטע שטערן
איבער די אותיות דאָס תגין געקריין.

האָסט גאָט געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי,
אַז ווען הימל און ערד דאָס חשכות הילט איין,
און צו חצות־זאָגן זיי עפענען זיך אויף,
נישט אויסברעכן ער זאָל אין פינסטער געוויין.

וואָרים ווער קאָן דען פאַרשטיין דעם טונקלען מיין,
נאָך וואָס דאָס געמוטשע פון וועלט און פון מענטש,
און פון אים כביכול, פון גאָט אַליין.

תא חזי: ס׳איז גלגל־עולם — גלגתא,
אַ ראָד אַזאַ, וואָס הערט זיך נישט אויף צו דריי׳ן,
און דער גאַנצער אַרום, רעדל אין רעדל —
שיידל אין שיידל מיט פאַרביסענע ציין.

און הייליק און פיין זיין, און בייז און געמיין —
דורך שווינדלדיקע סקעלעטן שפּריכעס,
פאַלנדיקע שאָטנס און שטויבעלעך שיין.

האָסט אונז געלערנט, רבי שמעון בן יוחאי,
דאָס געזאַנג פון די גלגלים צו פאַרשטיין:
אַן זיך אַליין, ווי אין אַ מערה, זיצט גאָט,
צו דערהערן דעם קלאַנג פון טרוקן געביין;

ס׳וועט גאַנצער אַרום אויף איינמאָל בלייבן שטיין,
פון פאַרכאַפּטן אָטעם, שטיל געוואָרענעם,
ווען גאָט אַליין צומאָל וועט זיך משיג זיין —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

(צווייטער פליגל)

ווען פאַרהוילן זיי זיינען אין דער הייל,
גאָרנישט מיטגענומען זיי האָבן מיט זיך,
וואָרים נישט צו ראַטעווען זיך געמיינט,
פון די מענטשן, נאָר אַנטרינען אין דער גיך.

ס׳אַנטלויפן בלויז געווען זייער ציל,
נישט אָנצוקומען שוין אינערגעץ אַהין;
אַן עקל אַרומגענומען האָט זיי,
צו אַלץ אַרום, צום גאַנצן מענטשלעכן מין —

שפּלדיק שוין גענוג דער שלעגער איז,
נאָך נבזהדיקער דער געשלאָגענער ווערט;
אַז פאַרן מערדער, ווי פאַרן קרבן,
עס איז דאָס גרעסטע די געשליפענע שווערד — — —

זייערע קליידער קריעה געריסן,
זיינען זיי געזעסן אין זאַמד ביז צום האַלדז;
דרויסן דער באָקסנבוים פאַר דער מערה,
געווען ער איז זייער גשמיותדיק אַלץ.

אין דער נאַכט, ווען גאַנצער אַרום איז שוואַרץ,
אַרויס זיי זיינען אויף גאָטס פינסטערער וועלט,
פון הימל ליכטיקן סוד צו לעזן,
פון אַ געשריפטס פון שטערן צונויפגעשטעלט:

„תא חזי, קום און זע, אלעזר מיין זון,
ליידיק גאָטס מרכבה־וואָגן איבער אונז — —
פון וויינען אויסגערינען שוין זיינען,
די פלאַמיקע אויגן יהושע בן נונ׳ס — — —

וויי, וויי, שכינתא בגלותא, וויי און ווינד!
האָט געשיינט משה׳ס פנים פונקט ווי די זון,
האָט אויך באַגלייך לבנה אין דער נאַכט,
געלויכטן ס׳פּנים פון יהושע בן־נון.

„מיין זון, גרינגער די פגימות אין לבנה,
ווי ס׳האַרץ אינם מענטש צו מאַכן צוריק גאַנץ!
זע, וואָס גרויזאַמער דער אכזר ער איז,
אַלץ גרעסער אויף זיין קאָפּ דער נצחון-קראַנץ.

„אראָפּגעגנידערט איז גאָט פון זיין טראָן,
האָט זיך דער שטן אויף אים אַרויפגעזעצט!
מיר וועלן בלייבן זיצן דאָ אין הייל,
ביז די גרויזאַמסטע מיר וועלן זיין צולעצט.

„און אַרויס דעמאָלט מיר וועלן פון דאָ,
צו פאַרלענדן דאָס גאַנצע שלעכטס פון דער ערד;
אַן אַקער־אייזן פון איר צו מאַכן,
שאַרפער פון אַלע שווערדן זיין מוז יענע שווערד — — — —

„דאָרטן יענעם שטערן, פאַרבאָרגענעם,
תא חזי, קום און זע, אליעזר מיין זון,
ווען ער וועט זיך באַווייזן, אויפלייכטן
וועלן די אויגן פון יהושע בן־נון —

„אָבער וואָס טיפער אין זיך אַ סוד מ׳טראָגט,
מיין זון, אַלץ פגימהלאָזער ווערט ער דערפון" —
— — — — — — — — — — — — — — —

און ווען זיי זיינען אַריין צוריק אין דער הייל,
איז אויפן הימל אויפגעגאַנגען ליכטיקע זון.

## ווי אזוי דער בראצלאווער איז געפארן קיין ארץ ישראל
(באַלאַדע)

אַז רבי נחמן האָט דערשפּירט אין זיין גאנג,
נישט צו די פעלדער ער גייט מער אַרויס,
דאָס מינדסטע גרעזל צו באַוואונדערן,
נאָר פון די מענטשן אנטלויפט ער דאָס בלויז.

זיין נאָנטקייט צו אַ ווערמל אין גראָז,
ווייל דער מענטש געוואָרן אים אזוי פרעמד ;
ס'שווידערט אים שוין אַ וואָרט אַרויסריידן,
ווען דעם קלאנג פון רייד זיי'רע ער פארנעמט.

צו זיין אייגענעם ווייב און קינד צומאָל
זיין בליק נאָך ליכטיק אויפהייבן ער זאָל — — —
איז ער געבליבן שטיין אין מיטן גאנג,
און זיך צעיאָמערט הויך אויפן קול :

„מיין זיידע אַרומגענומען אַ מענטש,
טיף איינגעאָטעמט אין זיך האָט ער גאָט ;
הייליקע ערד איז אומעטום געווען,
ווו געטרעטן עס האָט זיין שטילער טראָט.

„ליכטיק געוואָרן דאָס פינסטערסטע הארץ,
אויפגעהויבן ער האָט זיין טיפן בליק — —“
איז רבי נחמן נישט צום פעלד דערגאנגען
און נישט אַהיימגעקומען מער צוריק.

איבער זיין געוויין ווי איבער אַ ים,
זיין פאָטשיילע פארשפרייט — אַ פעסטע בריק !
און ווי זיין זיידע אָנגעקומען ר'איז,
אין ארץ ישראל אין איין אויגנבליק.

און מיט די ליפּן קושנדיק די ערד,
פון וועלכע גאָט האָט דעם מענטש געמאַכט
און זיין אָטעם אין איר אַריינגעהויכט,
האָט אַ גרויסער פרייד אין אים אויפגעלאַכט:

אָט אַז פון דער ערד דאָ דעם מענטש געפאָרעמט
וואָס איז נאָך נענטערס פון אים פאַראַן?
און געוואַקסן איז זיין ליבשאַפט צום מענטש,
אַלץ גרעסער און שטאַרקער מיט יעדן שפּאַן.

און נישט נאָר די שטיוול פון זיינע פיס —
געריסן פון זיך האָט ער קלייד נאָך קלייד!
און זאָל ער נאָך ביז צום כותל דערגיין,
דעם לייב אַראָפּוואַרפן דאָרט איז ער גרייט — — —

און אַנידערפאַלנדיק פאַרמאַטערט,
האָבן זיינע ליפּן געלאַכט פון שלאָף,
אין גאָטס האַנט געשפּירט פעסט האָט ער זיינע —
אַ קינד, פירט ער אים אַרום אין אין־סוף!

דעמלט האָט דער בעל שם זיך באַוויזן,
אים אַ ריס געטון פון גאָטס האַנט מיט כוח:
„נחמנ׳קע, דו וועסט מיר שוין ווידער ווילד,
בלאַנקעסט אין די טיפע הימלען, צו הויך!

„פאַר מיר איז גענוג געוועזן ביז סטאַמבול
און דער קאָפּ מיינער האָט זיך שוין געדרייט — — —
איין קליינינקייט, אוירא דארץ!
נחמן שטעלסט צופיל אויף דיר — גייסט צו וויט!

„עס וועט דאָך גאָטס אָטעם אויך נישט מער זיין,
דעם לייב פון אַלע קליפּות אויסגעשיילט — — —"
גלייך פון אַ הייל אַרויס שאַקאַלן קול,
האָט עס יאָמערלעך הילכיק אויפגעהיילט.

און ווען רבי נחמן האָט זיך אויפגעכאַפּט,
האָט ער צומאָל די פּאַטשייל נישט געהאַט,
איז ער שטיין געבליבן וויט פון כותל,
אַ בעטלער וואָס וואַרט אויף אַ מתנת־יד.

*    *    *

שפּעטער, אַהיים צוריק אָנגעקומען
אינמיטן שיריים, ווען ער האָט געטיילט,
דעמלט האָט ער דאָס, מיט טיפער ליבשאַפט,
די „מעשה מזיין בעטלערס" דערציילט.

און ווי ביי דער מעריבֿ־וואַנט פּרוטות,
האָט ער צום סוף די ווערטער אָפּגעציילט:
„ווען נישט ס׳וואָלט דער זיידע, זכותו יגן,
ווי אַ מלאך פון הימל פלינק געאיילט — — —

— — — — — — — — — — — —"

דער עולם אַרום אים — אַרום כותל,
ברעקלדיק־צעבלויט און בלוטיק־צעביילט;
עס שלאָגט פון זיין מויל, אַ שטיין זיך צעקוואָלט,
אַזאַ מין געטראַנק וואָס דערקוויקט און היילט.

שכינה־שיין שוועבט־אויף יעדער שטערן־קנייטש,
פון אַלע קליפּות שוין אויסגעשיילט — —
זע, מיט אָפענע מיילער זיי טרינקען —
פולע קוואָרט יעדעס וואָרט, וואָס ער דעציילט.

# עלזע לאסקער-שילער

די בלויקייט פון ירושלים׳ס נעכט,
אין דיינע שוואַרצע לאָקן דו האָסט געטראָגן,
און ווען גרוי ביזט דארט אהינגעקומען,
האָבן דיינע טעג דעם תכלית שימער געקראָגן.

ווי אין ממרא׳ס פּליינען ביי אברהמען,
האָבן מלאכים געוואנדלט אין דעם בלויען שאָטן;
ווי יהודה הלוי, — — נאך צארטער, —
האָט דיין פוס אויף ירושלים׳ס ערד געטראָטן —

ווי רות צו בועז אין שייער אַריין,
אַ שטילע אינדין ווען אויף איר אינד טוט לויערן;
עס האָט דיך דיין קעניגלעכער שטערן
הייליק אהינגעפירט, צו ירושלים׳ס טויערן.

כ׳געדענק, פון לופטשיק-פענסטערל ארויס,
מיטן פורפור פון דיין הארץ גאנצע נעכט אים געמאלן,
געקלעטערט אַ גלעקל-צעקלינגט-קעמל,
צו דערטראָגן אים דורך די טיפסטע גליל-טאָלן —

דער טרויער העמלט אין דיינע ווילדע בליקן
ווען די שוואַרצע חופה איז חרפהדיק אַראָפּגעפּאַלן,
כ׳האָב גאַנצע נעכט פאר דיין חושכדיקן פענסטער,
די זון געטריבן מיט געפלעכט פון בייטשן קנאַלן — —

דער גייענדיקער קאראוואן געקלאנג,
און פאר דיין לופטשיקל די טשאטעס ווייסע טויבן,
אויף מיין ליפּן-געשעפּטש האָסט דו גאָט געזוכט,
אַלץ העכער און העכער ביז צום מוריה דיך צו דערהויבן.

און ווען דיין קאָפּ אויף כותל־מערבי,
צווישן די אלע בעטנדיקע ער איז געלעגן,
ירושלים, ווי דאָס „כתר״־ליד,
איז צעפּלאַטערט געוואָרן מיט מלאכים פרעגן:

ווער איז זי, פון וווּ קומט זי, איז זי נישט
די מאַמע רחל פון קבר אַרויסגעגאַנגען?
אַזוי האָט דאָך הבורה אַזוי אויסגעזען,
ווען זי געזונגען ס׳געזאַנג פון אירע געזאַנגען — — —

איז עס נישט פריגצלעכער אָפּשטאַם־צייכן,
מיט דינסטן פינזל ס׳פּייגסטע שטריכעלע געצויגן,
דער צוק, קראַנק־קרום אין געשנירל פון ברעמען —
שאַרף געשפּיצטער פּייל אויף ווייט־געשפּאַנטן בויגן?

אָ, דו „דער שוואַרצער שוואַן פון ישראל״,
אונטערגעשאָסן שוין ביזט דו אַהערגעפלויגן!
עס האָט זיך גאָט אַליין פאַרליבט אין דיר,
און געטראָפן אין דיין האַרץ מיט זיין פיילנבויגן.

דיין גאַנץ לעבן דיינע איילבירט־אויגן,
צום הר־הזיתים אַרויף האסט דו זיי געטראָגן;
אין דיין בליק, דער מיגנינדיקער אויפגלי —
אויפגייענדיקע ירושלים־פּאַרטאָגן.

פון אייגגעשטילטע ווילדע כאַמסינען —
דער מהבר־האָניק־דופט אויף דיינע ליפּן!
אַז איך וועל קושן ירושלים׳ס ערד,
מיט בענקשאַפט פון דיין מויל מיין האַרץ זיך צעכליפּן — — — —

אָ, און אַז איך וועל נישט זוכה זיין דערצו,
אויף מיין וועג שוין אַהין איך וועל ווערן צעטראָטן,
וועט אויף הר־הזיתים שעפּטשן איבער מיר,
אַ פּאַלמע מיט אייביק בלוי־בליענדיקן שאָטן.

# ארץ־ישראל ערד
(באַלאַדע)

1

צי ווייל דער טאַטע פאַר דער פּטירה געבעטן,
נאָך זיין טויט נישט פאַרגיסן זי זאָל קיין טרערן,
אַז זיינע תכריכים נישט פאַרפלעקט זאָלן ווערן,
ווען צום משפּט אויף יענער וועלט ער וועט טרעטן.

צי ווייל טויט־פאַרשטיינערט איר האַרץ איז געווען,
שטום ווי אַ מומיע איבערן מת געשטאַנען, —
איז זי דען אויף זינדיקער ערד נאָך פאַראַנען ? —
נאָר ווען מען האָט טאַטנס צוואה געלעזן:

„די ארץ־ישראל־ערד אין קופּערט באַהאַלטן,
קערנדל ביי קערנדל ריכטיק אָפּצייילן
און פאַר מיר און זוגתי תחי׳ פאַרטיילן — — —"
האָט זי די טרערן נישט געקענט מער איינהאַלטן.

נישט געהערט האָט זי מער די צוואה ליינען:
וואָס טייערס נאָך איר איבערלאָזן קענען ? !
און ווען חברה קדישא געקומען זענען,
אין די „תשעה קבין" פון אירע געווייבען,

האָבן זיי דעם מת טהור געמאַכט די טהרה ;
און ווי אין מקוה אַריין וועש, ווי ביים לעבן,
האָט זי זיי די תכריכים פאַר אים געגעבן,
אויפגענייט מיט פינגער אירע, דאַרע קוואַרע.

קיין הויך איז אויף זיי נישט געווען, קיין פלעקעלע,
ווי בלאַנק און ווי קלאָר פאַר גאָט אין זיי צו טרעטן — — —
אָ, די זעלבע תפילות ביים נייען געבעטן,
ווי ביים אויפנייען פאַר אים ס׳תפילין־זעקעלע.

פון אַטלעס און פון סאַמעט איז עס געווען,
מיט מגן־דוד און מיט מאַרע־זייד בלומען — — —
אירע ליפּן שעפּטשען אות נאָך אות זיין נאָמען —
פון תפילין־זעקל אַראָפּ ז׳וואָלט זיי געלעזן.

עס וואַקסן די אותיות גרעסער און גרעסער,
און אין פּריש געפּאַלענע טויען די בלומען — — —
אַז ס׳זאָל קיין פלעק אויף די תכריכים נישט קומען,
פאַרקוועטשט זי די וויעס אַלץ פעסטער און בעסער.

2

פּונקט ווי „דאָס בינטל מיט מור צווישן די בריסטן",
האָט זי דאָס טאַרבעלע אויף איר האַרץ געטראָגן;
די לעצטע רגעס וועט פּלוצלינג זיי קומען אָן,
ווער קאָן דען וויסן און ווער דאָס פאַראויסזאָגן?

איז ווען זיי וועלן אָנקומען און ווו און ווי,
אַ גרייט־וואַרטנדיגע זיי וועלן זי טרעפן!
דער טויט, אַ טיר נאָר צווישן דער וועלט און יענער —
מיט יעדן האַרץ קלאַפּן קאָן זי זי טון אַן עפן!

און דעמאָלט אַ הימלישער איר אַנטקעגן גיין,
אויף זיין פיסנבענקעלע ער וועט זי זעצן,
מיט אַלע אירע טרערן, איינגעהאַלטענע,
איר שטערן־טיכל מיט דימענטן באַזעצן.

די קערנדלעך־ערד אין טאַרבעלע אויף איר האַרץ —
איידל־שטיינער זייער ווערט נישט צו באַצאָלן — — —
זיינען דאָס שוין די גלגול־מחילות־וועגן,
וואָס פאַר די אויגן תמיד פלעגן זיך מאָלן?

ווי זיי קייקלען זיך דאָס אַלע און וואַלגערן,
דורך אונטערערדישע דורך פינסטערע היילן — — —
אויף דעם האָט ער זיך דאָך מיט דער הייליקער ערד,
חלק אויף חלק מיט איר זיך געטון טיילן!

און ווען די שווערסטע טעג זייבען אנגעקומען,
יעדער זון־אויפגיי — פון אַ פרישן געקעפטן !
האט זי געטראגן שטאלץ איר גרוי־באַיאָרטן קאָפּ,
אַ פולן קרוג, פון אַ קוואַל, אַ פריש געשעפּטן.

אלצדינג וואָס אין שטוב געווען שוין צוגענומען,
אַ סך ייִנגערע פון איר צום טויט געטריבן !
זי ווייסט, זי וועט צו קבורת־ישראל קומען :
דער „פּה־נטמן״ אויף איר הארץ איז אנגעשריבן — — — —

עס איז מיין מאמע צו קבורה נאך געקומען !
און ווי אַ כלה אַ באשיטע מיט האָפּנס,
פונם טארבעלע וואָס אויף איר הארץ געפונען,
מיט ארץ־ישראל־ערד באשיט איר צוקאָפּנס.

3

מ׳האָט דעם קאָפּ צו דער ערד צוערשט געמוזט נייגן,
די שוועל פונם אוהל אריבער צו טרעטן,
הויך אויף שפּיץ־בארג ווו דער זיידע איז געלעגן ;
איבערן גלאטן שטיין די געצונדענע ליכט,
האבן געטריפן מיט טרערנדיקע געבעטן.

אונטער אַ בוים, מיט ווילדע קברת־עפּעלעך,
איז מיין עלטער זיידנס מצבה געשטאנען,
ווען געליינט אויף איר די „פּה־נטמן״ אותיות :
„הגאון והקדוש, האיש־אלוקים״,
האב איך די צוואה פון זיידן פארשטאנען.

אָבער אז קיין אוהל מען זאל אים נישט שטעלן
האט זיידע דאך אין זיין צוואה נישט געשריבן !
האט מען ארום דעם גלאטן שטיין אין זיין אוהל,
אין די קוויטלעך די עפּעלעך איינגעוויקלט,
פון עלטער זיידנס מצבה־בוים אראפּגעקליבן.

זיכער ערגעץ־ווו דארטן, ארום דעם אוהל,
וועלן זיין די קברים פון מיין טאטע־מאמען !
איך ווייס נאך געניי, ווו מיר פלעגן ארויפגיין — — — —
מען קאן דאך נישט אַ שפּיץ־בארג און אן עפּעלבוים
ארויסרייסן מיט די מצבות צוזאמען !

אָבער ווער קאָן וויסן וואָס שנאה קאָן אַלץ טון,
אפשר איז דער שפּיץ בארג מיט אַרויסגעריסן!
און וואָס שוין, אַז אַ שפּיץ־בארג, אַז ווילדע צווייגן?
איך וועל מיך האַך אויף דעם ליידיקן פעלד בלאָנקען,
א משוגענער פון ווילדע הינט געביסן —

קאָן זיין, נישט עניוות דעם זיידנס צוואָה,
דעם „פה־נטמן" אויף זיין שטיין נישט אויסצוקריצן!
פון אונטער פערדישן גאַלאָפּ דערזען ער האָט,
דעם „הגאון הקדוש, איש אלוקים" —
אתיות־געקרישל אין פונקן צעשפּריצן — — — — — — — — — — — — — —

„ואני" און מיין טאַטע האָט אַזוי געטון:
אין זשאַרנעס ערד פון מערת־המכפלה היילן,
געברענגט האָט ער מיין מאַמען צו קבורה מיט זיך,
קערנדל ביי קערנדל די ערד אָפּגעציילט,
און אין צוויי חלקים געטון עס צעטיילן — —

„אויפן וועג שטייט אַ בוים, שטייט ער איינגעבויגן — — —"
אָ, איך וועל דערקענען זיינע ווילדע צווייגן!
און ווען פאַר מאַמע רחלס קבר כ׳וועל טרעטן,
וועל איך ווי אַמאָל אין זיידנס אוהל, אַ קינד,
פאַר טאַטע־מאַמעס קבר שטיל מיך פאַרנייגן.

4

אַז פאַר מאַמע רחל׳ס קבר שטייען שומרים,
פון פרעמדע באַוואַכט די מערת־המכפלה,
און פאַר דער כותל מערבי איין ייד נישט,
צומאָל נדבות קלייבן אין אַ פאַטשיילע —

זוו וועלן אויסגלעטן זייער ווילדן ציטער,
מיינע געצערטלט שלאַנקע שלאַבריקע פינגער,
אַ וויינענדיקס צו באַגלייטן, שטיל און שטילער,
אַז דאָס געשלאַכץ אינם הארץ ווערן זאָל גרינגער?

פאַר בלינדע אַ וואַנט אַהיים זיך צו דערטאַפּן,
איז די כותל מערבי פאַר אונז געוועזן;
מיט אויפגעהויבענע, מיט פאַרגלייזטע אויגן,
ווי פון בלינדן־שריפט, פון יעדן שטיין געלעזן.

ווי אַ בלינדער פונקט ווער איך פון וועמען געפירט !
אַ, אין מיין טאטנס הענט שפיר איך מיינע פינגער,
עס פלאַטערט איבער מיין קאָפּ מיין מאמעס געבעט —
איך בין אַ גאט־פארשאלטענער יידיש־זינגער — — —

נישט קיין „אלי־ציונס" זיינען מיינע לידער —
צוזאם מיט מיר זיי וועלן ווערן צעטרעטן ! —
מאטער ווידער־קול פון מיין טאטנס תפילות
און פון מיין מאמעס „מענה־לשון"־געבעטן — — —

איך ווייס יעדעס קערנדל ערד הייליק איצט דארט,
אַ הייליקע כותל, — יעדע פרישע מויער !
און אַ ציגל־טרעגערס־ליד, אין שווייס געטובלט,
גייט פאר גאט, ווי דער רייבסטער ניגון פון זוהר.

מיט די שפאדלעס אין די קבוצות די חלוצים
צום סוד פון לעבן זיי וועלן זיך דערגראבן !
מיט מיינע ליפּן כאטש קושן דעם שטויב פון ד׳ערד,
אין מיינע כף־הקלע׳ס אַ תיקון צו האבן — — — —

מיין הארץ־טארבעלע געלעכערט און צעריסן,
קיין איין קערנדל און מיט קיינעם צו טיילן,
און מיינע טעג, ציטערדיקע געצערטלטע,
אויף מיינע פינגער שוין שלאבריק אָפּצוציילן.

* * *

און דאָס איז דאָס קוויטל אויף קבר צו לייגן,
ווען פאר מאמע רחל׳ס שטיין כ׳וועל שטיין און שווייגן ;
ס׳קברת־עפּעלע — מיין האַרץ איינגוויקלען דריבען !
אַ קוואל פון שטיין — וועלן טרערן מיינע רינען :

האָט מען צוערשט געמוזט מיין שוועסטער פארברענען,
אז אין נגב איר מאן מיט ביקס שטיין זאל קענען ?
אַז ער זאל איצט דארט די הארטע ערד צעגראבן ?
ווי אַקער־ערד, מאמע רחל׳ס, זי ליב צו האבן — —

פאר איר פרי־פארשניטענעם, פאר איר יונגג־לעבן,
צו קבורה נישט געבערענגטן, זיינס אוועקגעבן!
ווען ער האט ביים ציגגל פון דער ביקס געצויגן,
איז מיין שוועסטער געשטאנען אים פאר די אויגן.

אָ, די טריישאפט פון מיין מאמען און מיין טאטן!
און ער, מיט יעדן גראב אין דער ערד מיטן שפאטן,
הייליקע ערד ער גראבט אויס פאר איר צוקאָפן —
געזאלצענער פון טרערן זיינען שוויס־טראפן!

אָ, גאט, איז עס לייכטער דען, איז עס דען גרינגער,
אַ גרוב זיך אויסצוגראבן מיט הוילע פינגער,
ביי לעבעדיקן לייב צו ווערן באגראבן,
איידער אויפגעריסענע אקערס צו האבן?

ווי רענדלעך די קערנדלעך ערד מ׳מוז אפצוציילן,
אָפענע וווּנד פון הארץ קיינמאל נישט פארהיילן,
און שפירן יעדע רגע שארפסטע ווייטיקן,
ביז פון זאלץ פון זיין שוויס ברויט־פעלדער צייטיקן — — — — — — — — —

איז ווו מיין געטריישאפט און ווו איז מיין ליבע?
מיינע ירושלים לידער, אַביבע?
שעפּשענדיקע פסוקים, פון טאטנס „שערי־ציון“,
פון מאמעס תחינות, טויטע זאלן זיך מיען?

אָ, אויב לעצט קרישקעלע אויף שטויב שוין צעריבן,
קיין איין פינטעלע אין הארץ נישט מער געבליבן,
עס איינוויקלען כאטש אין א קוויטל־געפינטל,
איידער ס׳צעפלאָשעט — אַ פלעווע אין מינדסט ווינטל.

